


**Żydowska gazeta illustrowana.**

Wychodzi każdego piątku.

**Prenumerata wynosi:** Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. — 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 — 1.50 Rbs.
Pojedynczy egzemplarz 20 h. — 10 Kop.

**Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.**

**Jüdische Illustrierte Zeitung.**

ערשיינט יעדען פרייטאג.
אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, — 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען — 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, — 1.50 רובל.
— איינצעלנע נומער 20 העללער — 10 קאפּ.
אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.
רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקא 62. טעלעפאן נר' 412.
עסטעררי. פאסטשפארקאסען־קאנטא נר' 57,341.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, כמיעלנא נר 49. פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נר' 16
הויפטפערטרעטונג פאר רומעניען: דאוויד הערצבערג, יאסי, סטר. סאראריע נר' 151.

# א שרעקליכע קאטאסטראפע ביים וועטרענעז אין בערלין.



א שרעקליכע קאטאסטראפע ביים ראד־וועטרענען אין בערלין. עס ווערען דורך א צוזאמענשטויס עטליכע מענשען געטערטעט און מעהרערע פערוואונדעט

**אינהאלט: די געהיימניסע פון כינעזען פיערטעל אין ניו־יארק. — רויבמארד פון צוויי פאליציי אגענטען אין פאריז. — א יודישער קויפמאן ערמארדעט א. ז. וו.**

# א שרעקליכע קאטאס־טראפע.

א שרעקליכע קאטאסטראפע איז פארינען זאנטאג פארגעקומען בײַם ראד־װעט־ענען אין בערלין. װעלכע האט נעפא־דערט עטליכע מענשליכע קרבנות.

אין מיטען רענען זענען צװײ מאטא־ע צוזאמענ־געשטויסען. איין מאטאר איז פונ׳ם קלאפ געטריעבען גע־װא־ען מיט אזעלכער שנעלינקײט. אז זיין פיהרער האט פערלוירען די הערשאפט איבער איהם און דער מאטאר איז א־יבער די בא־יער און א־יין צווישען פובליקום. דאס בענזין עקספלאדירט און באלד צינדען זיך אן די קליידער פון עטליכע פערזאנען.

צווישען דעם פובליקום ענטשטעהט א גרױסער שרעקען. מען יאגט. מען לויפט איינער איבער׳ן אנדערן. 2 מענשען בלייבען טױדט אויף׳ן א־ט. 20 װערען שווער און 12 לייכט פערלעצט. פון די שווער פערלעצטע זענען דאן 5 געשטארבען, אויך די איבריגע ראנגלען מיט׳ן לעבען. הויך לױה האבען פיעל פערזאנען בעקומען נערװען־שאקס און א גרויסע צאהל פון פ־ויען האבען געהלש׳ט פאר ש־עק.

אויף דער רען־באהן גופא איז ענטשטאנען א ווררואר, די מײַסטע טהײַלנעהמער אין דעם רענען זענען א־יינגעפאה־ען אײַנער אין דעם אנדערן, די מאטארע האבען זיך איבערגעקעהרט — ס׳האט אײסגעזעהען ווי נאך עפיס א גרױסער איבערקעהרעניש.

ערשט די פייערװעה־ האט געקענט לעשען דאס פייער און אפריימען דעם פלא׳ן.

צווישען די געטעדטעטע געפונען זיך 3 מיטגליע־דער פון איין פאמיליע, א מוטער מיט א זוהן און א טאכטער.

די קאטאסטראפע, פון וועלכער מיר ברענגען אין היינטיגער נומער א אריגינעל בילד. האט אין בערלין ארויסגע־ופען א אונגעהײַערע אויפרעגונג.

# צוויי פאריזער פאליציי־בעאמטען דערשאסען.

זײט א צייט זענען אין פא־יז עפטערס פארגעקו־מען גרויסע גנבות אין קירכען און מוזעאומס. וועלכע מען האט נישט געקענט דערהיטען טראץ דער שטרענג־סטער איבערוואכונג.

דער פערדאכט האט זיך געקעהרט אויף א געווי־סען דעלוינאי. וועלכען די פאליציי האט שוין לאנג חושד געוועזען, אז ער איז דער פיהרער פון א געמעהר־ליכער דיעבס-באנדע.

כדי פארצוגעהמען בײַ איהם א דורכזוכונג איז



צוויי פאריזער פאליציי-בעאמטע דערשאסען.

דער שעף פון דער קרימינאל־פאליציי בלאט. דער אינ־שפעקטאר מוקאט און נאך דריי פאליציי־אגענטען געקר מען צו דעלוינאי אין דער וואהנונג.

קוים אבער עפענען זיי די טהיר, ציעהט בעלוינאי א רעוואלווער און דערשיעסט דעם פאליציי־שעף בלאט. דער אינשפעקטאר מוקאט וויל איהם פאקען, אבער ער שיעסט א צווייטעס מאל און מוקאט פאלט אניעדער טעדטליך געטראפען. נאך איידער די אנדערע דריי פא־ליציאנטען קענען זיך ערהאלען פון זייער איבעראשונ־גען, בעריהרט דעלוינאי דעם רעוואלווער קענען זיין איי־גענער ברוסט און פאלט אויך אניעדער טויט.

ערשט שפעטער קען מען דורכזוכען זיין וואוינונג אין וועלכער מען געפינט טאקי א גאנצע מאסע געגנב׳עטע געגענשטענדע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד פארשטעלענדיג דעם שויפלאץ פון דעם שרעקליכען ערא־ייגניס.

אין בײדע זייטען זענען צו זעהן די פאטאגראפי־שע בילדער פון די פאליציי־בעאמטען בלאט (רעכטס) און מוקאט (לינקס).

# א קוגעלזיכערער פאנצער.

זייט עס עקזיסטירט דער קריעג, פלאנען זיך פערשיעדענע מענשען אב דאמיט, צו ערפינדען עפיס א פין שטאף, דורך וועלכען די קוגעלן זאלען נישט קענען דורכדרינגען.

הונדערטער דערארטיגע ערפינדונגען זענען שוין געמאכט געווארען, פיעלע האבען שוין ערווארבען פא־טענטע און אפילו אויסגעגעבען גרויסע סומען געלד. און צום סוף האט זיך נאר פון אלעמען אויסגעלאזט א בוידעם.

איצט רעדט מען וויעדער פון א עהנליכער ער־פינדונג. א געוויסער געריכטסבעאמטער שוימאן אין מעמעל (דייטשלאנד) האט ערווארבען דאס פאטענט אויף א קוגעלזיכערן פאנצער. וועלכער איז געפרופט געווארען פונ׳ם דייטשען קריעגסמיניסטעריום מיט זעהר א גינסטיגען רעזולטאט.

פון דעם פאנצער שפרינגען אב אפילו די שטארק־סטע אינפאנטעריע־שפיצקוגעלגעשאסע און עס ער־רעגט דאס גרעסטע שטוינען, צו זעהען, ווי שוימאן לאזט אויף זיך שיעסען מיט די שארפסטע פאטראנען. און נישט ערליידענדיג דאביי אפילו די מינדעסטע פער־לעצונג.

דער פאנצער איז פון א דינעם שטאף. מען קען איהם טראגען אונטער דער אוניפארם און קיינער ועט איהם נישט בעמערקען.

אויב דיזע ידיעות זענען נישט א ביסעל איבער־טריעבען, קען מען רעכנען מיט א נייער אומוועלצונג אין דער קריעגס־טעכניק. פאר יעדען פאל איז דיזע ערפינדונג, וועלכע מיר אילוסטרירען אין אונזער היינטיגער נומער. זעהר אינטערעסאנט.

# מיניסטער־קריזע אין פראנקרייך.

די פראנצויזען זענען א הייסבלוטיג פאלק. דאס וואס אין אנדערע לענדער שלעפט זיך חדשים־לאנג. גער שעהט ביי זיי פלוצים, אין א מינוט.

חדשים לאנג האט זיך געשלעפט די קריזע אין דייטשלאנד. ביז פירסט בילאוו איז געפאלען. חדשים לאנג שלעפט זי זיך שוין אין אונגארן און דר. וועקערלע איז נאך אלץ מיניסטער־פרעזידענט. חדשים לאנג שמועסט מען שוין פון בעפארשטעהענדע פערענדערונגען אין דעם רוסישען מיניסטעריום, אבער סטאליפין און איזוואלסקי זענען נאך אלץ מיניסטער.

אין פראנקרייך געהט אבער אלסדינג צו שנעל. אהן גרויסע הכנות. אהן פיעל חכמות און געשעפטען. פארינען שבת האט דאס מיניסטעריום קלעמענסאה נאך בעקומען א פערט־ויענס־וואטום מיט א גרויסער מאיא־ריטעט, דיענסטאג האט דאס פארלאמענט געזאלט ווערען געשלאסען, און אים זעלבען טאג, טאקי אין דער לעצטער מינוט, פערליערט קלעמענסאה די מאיאריטעט און מוז צוריקטרעטען.

געהאנדעלט האט עס זיך וועגען די שלעכטע צו־שטענדע, וואס הערשען אין דער פראנצויזישען קריעגס־מארינע, איבער 3000 מיליאן פראנק זענען אויסגעגעבען געווארען אין די לעצטע צעהן יאהר פאר מארינע־צוועקע. אבער די מא־ינע געפונט זיך אין זעהר א טרויריגען



קוגעלזיכערער פאנצער. ד״ר ערפינדער שוימאן לאזט אויף זיך שיעסען מיט די שארפסטע פאטראנען



מיניסטער קריזע אין פראנקרייך : געוועזענער מיניסטערפרעזידענט קלעמענסאָ.

צושטאנד און אים קריעגס-פאל וועט זי נישט פונקציאָנירען ווי עס בעדאַרף צו זיין.

די אורזאַכע פון דיעזע פערהעלטניסע איז אַ פשוט'ע: אין דיעזע צעהן יאָהר האט פראַנקרייך געהאַט אפשר אַ צעהן מאַרינע-מיניסטער. יעדער וויל עפּיס נייעס אויפטהוען און פערנאַכלעסיגט דאס, וואס זיין פארגענגער האט אנגעהויבען. איבערדעם ווערד קיין שום רעפארם, קיין שום פּראַקטישע זאַך נישט אים גאַנצען אויסגעפיהרט און אַלעס בלייבט אין דער מיט שטעקען.

דאס פּראַנצעזישע פּאַרלאַמענט וויל אבער נישט איינזעהען דיעזען איינציגען וויכטיגען גרונד, ווייל עס וואלט געמוזט זיך אליין פּעראורטהיילען דאפאַר וואס עס לאזט צו אזאַ מין פאליטיק. איבערדעם לענט מען אָב אַלעס אויף קארופציע, פּערשווענדונג, דעס-ווידאציעס. יעדע פארטיי פערדעכטיגט די אנדערע און דער סוף פון אַזעלכע דיסקוסיעס איז, אז עס ווערד איינגעזעצט א אונטערזוכונגס-קאמיסיע, וואס האט די אויפּגאַבע, די צושטענדע צו אונטערזוכען און דעם פארלאמענט צו ערשטאטטען בעריכט איבער דעם רעזולטאט.

אט אזאַ מין קאמיסיע איז אויך איינגעזעצט געווארען אין דער לעצטער צייט און דאס פארלאמענט



מיניסטער קריזע אין פּראַנקרייך : דער נייער מיניסטער-פרעזידענט בריאן.

האט בעראפט אויסהערען דעם בעריכט, איידער עס געהט אויף זומער-פעריען.

דער פארזיצענדער פון דער קאמיסיע איז געוועזען דער פאליטיקער ד ע ל ק אַ ס ע. וועלכער איז דורך עטליכע יאהר געוועזען מיניסטער דעם אייסערן און האט מיט זיין פאליטיק שיער געברענגט צו אַ קריעג מיט דייטשלאנד וועגען דער מאַראקאָ-פראַגע. רעכ'לט האט ער געמוזט צוריקטרעטען און אַז מייסטען האט דער איצטיגע מיניסטער-פרעזידענט קלעמענסאה געהאלפען צו זיין שטורץ.

דעלקאַסעה בענוצט איצט די געלעגענהייט, זיך אין קלעמענסאָה נוקם צו זיין. ער וואַרפט איהם פאָר, אַז אים יאהר 1904 איז קלעמענסאָה געווען פאָרזיצענדער פון דער מאַרינע-אונטערזוכונגס-קאמיסיע. ער האָט איבערדעם געוואוסט פון אַלע מיסשטענדע, האט אבער גאָר נישט געטהון, זיי צו בעזייטיגען.

קלעמענסאה ווערד שטארק אויפגערעגט און ענטפערט זעהר שאַרף, אַז פעלקאַסעה, וואס זיין פאליטיק האט געפיהרט צו אַ דערהמיטהיגונג פון פּראַנקרייך פאַר דייטשלאנד, האט קיין רעכט, זיך אַרויפצוווארפען אלס רעטער פּונ'ם פאטערלאַנד.

דיעזע בעמערקונג קלעמענסאה'ס האט אַלע פּאַרטייען אים פּאַרלאַמענט שטאַרק פּערדראסען. אמת איז, אַז אין דער מאַראקאַ-פראַגע האט פּראַנקרייך געמוזט נאכגעבען דייטשלאַנד'ס פאָרדערונגען; אבער זיך אפען מודה צו זיין, אַז דאס איז געווען א ניעדערלאַגע פון דער פראַנצעזישען פאליטיק, דאס קענען זיך די שאוויניסטישען פראנצויזען נישט לאזען געפעלען. קלעמענסאה האָט פערלוירען אַ טהייל פּון זיינע אַנהענגער. און ווייל ס'האָבען אויסערדעם געפּעהלט איבער 50 מיטגליעדער פּון דער רעגיערונגס-פּאַרטיי, האט ער ביי דער אבשטימונג נישט בעקומען קיין מאַיאָריטעט אויף זיין זייט.

די אַבשטימונג איז צוואָר געווען אַ צופעלינע, אין אַנדערע לענדער וואלט מען פּ'ן אזאַ זאַך נישט געמאַכט קיין גרויסע זאַכען, אבער אין פּראַנקרייך איז שוין אַזאַ מנהג, קוים פאלט אַ מיניסטער דורך, אפילו וועגען נאָר אַ קלייניגקייט, מוז ער געהען. און קלעמענסאה האט טאקי תיכף צוזאַמען מיט'ן גאנצען קאַבינעט איבערגעגעבען די דעמיסיע, וועלכע דער פּרעזידענט פאליער האט אָנגענומען.

קלעמענסאה איז בעקאַנט אלס איינער פּון די טיכטיגסטע פאליטיקער און שלאגפערטיגסטע רעדנער אין פּראַנקרייך. ער איז שטאַרק ראַדיקאַל און יעדעס מיניסטעריום אין פּראַנקרייך פלעגט פּאַר איהם תמיד ציטערן. ער איז אויך בעקאַנט מיט'ן נאמען „דער מיניסטער-שטירצער“, ווייל צעהנדליגגער מיניסטער זענען דורך איהם געפּאַלען.

אין דער דרייפוס-אפערע האט ער געשפּילט זעהר אַ וויכטיגע ראָליע. אין זיין בלאט „אוראָר“ האט עמיל זאלא פערעפענטליכט זיין בעריהמטען בריעף „J'accuse!“ (איך קלאַג אן!), וועלכער האט אַרויסגערופען אַזויפיעל אויפּ-רעגונגען און געפיהרט אויפּצודעקען אַלע שווינדעלייען פּון די געגעראַלע געגען דרייפּוס. ער האט אויך אַ שטארקסטען געאַרבייט פאר דער רעוויזיע פּון דרייפּוס-פּראצעס און ערשט אונטער זיין מיניסטעריום איז דרייפוס ווידער רעהאַביליטירט געווארען. ווען ער האט פּאַר דריי יאהר איבערגענומען די מיניסטער-פּרעזידענטשאַפט, האט מען גערעכענט, אַז מיט זיינע ראַדיקאַלע אידעען וועט ער זיך נישט קענען האלטען נאר אַ קורצע צייט. קלעמענסאָה אבער האט בעוויזען, אַז אַלס מיניסטער מוז מען זיך אַבזאגען פון אַלע נישט-דורכפיהרבאַרע זאַכען און ער האט געפּיהרט אַ שטרענגע רעגיערונג ווי יעדער אַנדערע בירגערליכע מיניסטער. אונטערדריקענדיג שטרייקען און אויפּהעצונגען מיט שטאַרקער ענערגיע, דאס האט איהם געמאַכט שטאַרק פּערהאַסט ביי די סאציאַליסטען, וועלכע פּרייען זיך איצט מיט זיין מפּלה.

כאראקטעריסטיש פאַר קלעמענסאה'ס דענקונגסארט איז, אז ער האט דעם גענעראל פּיקאַרט, דעם אייפּריגסטען קעמפפער פאר גערעכטיגקייט אים דרייפּוס-פּראצעס, געמאכט צום קריעגס-מיניסטער. חוץ-לזה זענען געוועסען צוויי



אַ פערשטאָרבענער פּרינץ : פרינץ אלפאנס פון אָרלעאַנס.

גע'וועזענע סאציאליסטען, בריאַנד און וויוויאַני, אין זיין קאַבינעט.

אין דער אינערן פאליטיק האט קלעמענסאָה קיין גרויסע זאכען נישט אויפגעטהון. דאגעגען איז זיין אייסער'ע פאליטיק געווען זעהר ערפּאלגרייך און נוצליך. בעזונדערס אין דער לעצטען באלקאן-קריזע האט פּראַנקרייך'ס קארעקטע האלטונג זעהר ס'על געהאלפען, צו ערהאלטען דעם וועלטפריעדען.

אלס זיין נאכפאלגער האט דער געוועזענער סאַציאליסט בריאַנד איבערגענומען די רעגיערונג. ער האט זיך ש'ין אויסגעזוכט נייע חברים, דארונטער דעם געוועזענעם סאציאליסט מ י ל ע ר אַ נ ד. אזוי אַז אים מיניסטעריום וועלען שוין איצט זיצען דריי עקס-סאציאליסטען: בריאנד, אילעראַנד און וויוויאני. דאס נייע מיניסטעריום וועט זיך שוין ריעזען מאנטאג פאַרשטעלען דעם פארלאַמענט און פאַרלעגען זיין פּראָגראם.

בעזונדערס צופריעדען זענען די פארטייען מיט דעם נייעם מיניסטעריום נישט. אבער ס'איז מעגליך, אַז איבער'ן זומער וועט ער זיך קענען האלטען.

קלעמענסאה פאהרט איצט קיין קארלסבאד אויף קור. דערנאך וועט ער איינטרעטען אין א רעדאקציע פון אַ פאריזער בלאט און וועט ווידער איינעהמען זיין אַרבייט: צו שטירצען מיניסטער.



א פערשטארבענער פּרינץ : פּרינצעסין בעאַטריקס פון קאָבורג.



דר. גוסטאוו קארפעלעס געשטארבען.

# דר. גוסטאוו קארפעלעס.

פֿון בערלין קומט די טרויריגע נאכריכט, אז דער בעקאנטער יודישער שריפטשטעלער און היסטאריקער, דר. גוסטאוו קארפעלעס איז פאריגען דינסטאג, 61 יאהר אלט, געשטארבען.

דר. קארפעלעס איז געבוירען אים יאהר 1848 אין דעם קליינעם מעהרישען שטעדטיל אייוואנאוויטץ, ער האט צוערשט געוואלט ווערען ראבינער און בעזוכט צו דעם צוועק דאס ראבינער־סעמינאר אין ברעסלוי. דארט אבער מאכט ער בעקאנטשאפט מיט פובליציסטען און טרעט באלד איין אין דער רעדאקציע פון דער „ברעסלויער צייטונג". פון דארט איבערזיעדעלט ער קיין בערלין און ווידמעט זיך גאנץ דער פובליציסטיק און ליטעראטור. בעריהמט איז זיין דרייבענדיגעס ווערק „געשיכטע דער וועלט־ליטעראטור", ווי אויך זיין „געשיכטע פון דער יודישען ליטעראטור", וועלכע איז אויך איבערזעצט געווארען אין העברעאיש.

בעזונדערס אויסגעצייכנעט האט זיך דער פערשטארבענער אלס היינע־פארשער. ער האט די מייסטע שריפטען היינע'ס ארויסגעגעבען מיט ביאגראפישע איינלייטונגען און בערייכערט די היינע־פארשונג מיט א מענגע זעהר ווערטהפוללען היסטארישען מאטעריאל.

חוץ־לזה וואר דר. קארפעלעס פובליציסטיש אין יודישע און אין אלגעמיינע דייטשע בלעטער טהעטיג און זיין טויט בעדייטעט א גרויסען פערלוסט. תנצב"ה.

# א פערשטויסענער פרינץ.

ווי ווייט דער קלעריקאליזמוס הערשט נאך אין שפאניען, איז צו זעהען פון פאלגענדען פאקט, וועלכער איז דא־ט פארגעקומען.

דער פרינץ אלפאנס פון ארלעאנס, א פעטער פון דעם שפאנישען קעניג, האט חתונה געהאט מיט דער פרינצעסין בעאטריקס פון קאבורג.

דער שידוך איז זעהר א גלייכער. ביידע צדדים זענען גלייכע מיוחסים, — אבער די כלה איז א פראטעסטאנטקע און דער חתן, פרינץ אלפאנס, איז א קאטהוליק.

און דערפאר האט דער קעניג פון שפאניען דעם פרינץ פערשטויסען פון זיך. צוגענומען ביי איהם דעם טיטעל „אינפאנט פון שפאניען", געשטריכען פון דער ארמעע און צוריקגעצויגען אלע שפאנישע ארדען און אויסצייכנונגען, וועלכע דער פרינץ האט ביז איצט געהאט.

פרינץ אלפאנס און זיין יונגע פרוי, וואס זייערע בילדער ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער, ווילען אבער נישט נאכגעבען.

# א אויסגעפאטשטער אבגעארדנעטער.

דער רוטענישער אבגעארדנעטער צום עסטרייכישען פארלאמענט, פעטריצקי, האט פאריגע וואך בעקומען פעטש פון א גימנאזיאל־דירעקטאר בפני קהל־ועדה.

פעטריצקי, האט פאריגעס יאהר ערעפענט אין קאפטשינצע א רוטעניש פריוואט־גימנאזיום, אין וועלכען דער גימנאזיאל־פראפעסאר כאמיק איז אנגעשטעלט געווארען אלס דירעקטאר.

ביים שלוס פון שוליאהר וויל פעטריצקי דעם דירעקטאר נישט אויסצאהלען דאס געהאלט פאר'ן לעצטען חודש, ווייל ביי א פריפונג זענען עטליכע שילער דורכגעפאלען.

כאמיק בעליידיגט פעטריצקי'ן, וועלכער ענפערט: „מיט מיר טאר מען נישט אנהייבען, איך בין אלס אבגעארדנעטער אימוניזירט!". דאראויף בעמערקט כאמיק: „אויב אזוי, וויל איך עס פרובירען!". און איז מכבד פעטריצקי'ן מיט צוויי הייסע פעטש. פעטריצקי שטעלט זיך א קעגען, עס קומט צו א געשלעג, ביי וועלכען כאמיק רייסט פעטריצקי'ן אויס א קוסקעלע האאר פונ'ם קאפ...

פעטריצקי האט כאמיק'ן דערפאר געקלאגט.



פארטוגאלס העלפער אין דער נויטה: דער געוועזענער דיקטאטאר פראנקא.

# א ברענענדיגער לופט־באלאן.

ביי א פאלקספעסט אין נעוואר־ק (ביי ניו־יארק) איז פארגעקומען א שרעקליך עראייגניס.

דער לופטשיפער קראסביע איז אויפגעשטיגען מיט זיין באלאן „עליזאבעטה" אין דער הויך, כדי דארט אויבען אנצוצינדען בענגאלישע פייערווערקע.

ווען דער באלאן איז שוין געוועזען בערך 500 פוס הויך, האבען זיך פלוצים די פייערווערקע אנגעצונדען און אין קוים עטליכע סעקונדען איז דער גאנצער באלאן געווען איינגעהילט אין פלאמען, דאבייי איז ער געפלויגען וואס אמאל העכער און העכער.

קראסביע האט אבער נישט פערלוירען דעם מוטה, שנעל ציעהט ער די רייס־ליינע, כדי דער באלאן זאל פאוואלי אראב־זינקען, דאס איז אויך געשעהען, אבער צו זיין אומגליק האט ער זיך געראדע אראבגעלאזט איבער די מאגאזינע פון דער „שטאנדארד־איל־קאמפאניע", אין וועלכע ס'האבען זיך געפונען ריעזיגע מאסען ברען־עהל. עס וואלט געשעהען די גרעסטע קאטאסטראפע, ווען דאס עהל וואלט זיך אנגעצינדען.

אין דער לעצטער מינוט אבער האט איהם א שטארקער ווינד אראבגעטריעבען אויפ'ן ים און דער מוטהיגע לופטשיפער איז אראבגעשפרונגען אין וואסער אריין, וואו ער איז פון א רעטונגסבאט גערעטעט געווארען.

די טהיילנעהמער אים פאלקספעסט זענען זיך דערווייל אויסגעשטאנען סיפקע צרות און וועלען שוין פער זאגען א צעהנטער, זיך נישט צו ערלויבען אזעלכע שפעסע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם ברענענדיגען לופטבאלאן.

# שרעקליכע סצענעס אין א מיליטערלאגער.

אויף דעם מיליטערשיעספלאץ אים מיליטערלאגער ניי־בענאטעק ביי אלארא איז אם 15 יולי פארגעקומען



א טראגישער אויטאמאביל־אונפאל.

א שרעקליכע סצענע. ביים שיעסען האט זיך אויך בע־טהייליגט די דראגאנער־עשקאדראן אוים בראנדייס. די פערד האט מען א׳יסגעשטעלט אין דער זייט פונ׳ם שיעס־פלאצ׳ן צוגעבונדען צו קלעצער און בעוואכט פון זאל־דאטען.

וועהרענד די איבונגען שטעלט זיך א הויפטמאן פונ׳ם 91־סטען אינפאנטעריע־רעגימענט נעבען די פערד און הייסט געבען א פאלשע סאלווע צווישען זיי. די פערד האבען זיך דאדורך שטארק דערשראקען, זיי רייסען זיך אב פון די קלעצער און צערטרעטען זיך איינאנדער. 6 פערד זענען געבליעבען טוידט אויפ׳ן ארט, 40 זענען שטארק פערוואונדעט, די איבריגע זענען זיך צולאפען און מען האט זיי געמוזט צוזאמענזוכען אין די ארומיגע דערפער.



א טרויריגער שפאס: דער קוטשער פערדינאנד ליסי דערטרונקען אין געגענווארט פון זיין פרוי.

# פארטוגאלס העלפער אין דער נויט.

ס׳איז קוים פערפלאסען א יאהר זייט דער ער־מארדונג פונ׳ם קעניג און דעם קראנפרינץ פון פארטוגאל. אבער דער יונגער קעניג מאנועל, קוים 18 יאהר אלט, פיהלט זיך שוין נישט מעהר זיכער אויפ׳ן טראהן.

צוערשט האט מען גערעכענט, אז די רעוואלוציא־נערע בעוועגונג וועט ווענינגסטענס אויף א צייט איינגע־שטעלט ווערען, ווייל די פיהרער פון דער רעוואלוציע וועלען געבען דעם יונגען קעניג צייט, ער זאל איינפיה־רען די נויטיגע רעפארם אים לאנד.

אבער איצט ווייזט זיך, אז דיזע האפנונג איז געווען א פאלשע. די רעוואלוציאנערע און רעפובליקא־נישע בעוועגונג איז אין גאנצען לאנד שטארק פער־שפרייט און די ראדיקאלע עלעמענטע ווארטען בלויז אויף א גינסטיגער געלעגענהייט, אויסצופיהרען זייערע פלענע.

דער קעניג וויל זיך משדך זיין מיט א ענגלי־שער פרינצעסין, אין דער האפנונג, צו בעקומען דורך דעם א שטיצע אינ׳ם ענגלישען קעניגס־הויז. מען האט שוין אפילו געפונען א כלה פון זיינעס־וועגען און אין פערלויף פון דיזען זומער וועט זיין די פערלאבונג.

דערווייל אבער הערשט אין לאנד די גרעסטע אונארדנונג און אונצופריעדענהייט, און ס׳איז האראקטע־ריסטיש פאר די דאזיגע צושטענדע, אז דער קעניג האט צוריקגערופען דעם געוועזענעם דיקטאטאר יאא פראנקא, וועלכען ער וויל איבערגעבען די רעגיער־רונג.

פראנקא איז געווען מיניסטער־פרעזידענט אונטער׳ן לעצטען קעניג דון קארלאס. ער האט איינגעפיהרט א מיליטערישען דיקטאטור אים לאנד, געהערשט מיט דער גרעסטען שטרענגקייט, צעטריבען דאס פארלאמענט



א ברענענדיגער לופטבאלאן.

און איינגעפיהרט מיליטער־געריכטע און פערפאלגט די פאליטישע געגנער זיינע מיט די גרעסטע גרויזאמקייטען.

ווען דער קעניג און דער קראנפרינץ זענען אין מיטען העלען טאג אין דער הויפטשטאדט ערמארדעט געווא־רען, האט עס אומעדום געהייסען, אז פראנקא האט מיט זיין גרויזאמקייט דאס פערשולדעט, טרייבענדיג די רעוואלוציאנערע צו א פערצווייפעלטען שריט. פראנקא האט אויך תיכף געמוזט פערלאזען פארטוגאל, מורא האבענדיג פאר זיין אייגענעם לעבען. ביז איצט איז ער ארומגעוואנדערט פערשטעלט אין איטאליען, פראנקרייך, און שפאניען.

ערשט אין די לעצטע טעג האט איהם דער קע־ניג צוריקגערופען קיין פארטוגאל, וועהענדיג אין איהם דעם העלפער אין דער נויט. די רעגיערונגס־פרייגדליכע פארטוגעזישע פרעסע דערצעהלט זיך אן די שבחים פון פראנקא, ווי אזוי ער האט אלסדינג רעפארמירט, איינ־געפיהרט שטרענגע ארדנונג אין דער פערוואלטונג, גע־ארדנעט די פינאנצען א. ז. וו. בקיצור, ער איז דער איינציגער עהרליכער פאליטיקער אין פארטוגאל. נור פריהער אונטער׳ן קעניג דון קארלאס, האט ער נישט געקענט פיעל העלפען, ווייל דער קעניג איז געווען א גרויסער פערשווענדער. איצט אבער, ביים נייען קעניג, איז גראדע פראנקא דער ענטשפרעכענדער און נעאייג־נעטער מאן.

אזוי בעהויפטעט די רעגיערונגס־פרעסע, די רע־וואלוציאנערע זאגען נאטירליך פערקעהרט און בעטראכ־טען פראנקא׳ס צוריקקעהר קיין פארטוגאל אלס א סיגנאל צום קאמפף.

דער איינציגער העלפער אין דער נויט, פראנקא, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין דער היינטיגער נומער קען נאך ארויסרופען אין פארטוגאל וויכטיגע פאליטישע איבערקעהרענישען.

# א טרויריגער שפאס.

א שלעכטען שפאס האט זיך פאריגע וואך ער־לויבט דער וויענער קוטשער פערדינאנד ליסי, דורך וועלכען ער האט טאקי באלד פערלוירען זיין לעבען.

צוזאמען מיט זיין פרוי און מיט א קאלעגע האט ער אונטערגענומען א שפאציער־פאהרט איבער דער אל־טער דאנוי, מיט א קאהן (א קליין שיפעל). אין מיטען וועג וויל ליסי טאקי האבען ארויס, ציעהט זיך אויס נאקעט און לאזט זיך אראב אין וואסער אריין, אנהאל־טענדיג זיך מיט די הענד ביים שיפעל.

פלוצים אבער גליטשט זיך זיין האנד אראב, ער פאלט אין וואסער, און נישט קענענדיג שווימען, זינקט ער תיכף אונטער. די פרוי פון דעם פערא־ומגליקטען מאכט א געוואלט, ס׳לויפען זיך צוזאמען מענשען און מען פרובט, דעם מאן צו רעטען, אבער די שטרעמונג איז זעהר שטארק, די וועלען האבען איהם באלד אוועק־געטריעבען ווייט און איז פערשוואונדען אין דער טיעפעניש.



שרעקענס־סצענע אין א מיליטער־לאגער.

די אומגליקליכע פרוי איז פאר צער משוגע געווארען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם מאמענט פון דעם טרויעריגען ערייגניס.

# א טראגיש אויטאמאביל־אונגליק.

פאר עטליכע טעג איז דער בערלינער ארצט דר. אראנזאהן געפאהרען מיט איין אויטאמאביל פון א אויס־פלוג קיין בערלין. מיט איהם זענען געפאהרען זיין מוטער און זיין כלה אויס ווארשוי, ווי אויך א יודיש מיידעל פון לעמבערג, וואס איז געקומען צו איהם אויף בעזוך.

ביי א קרייצוגג פונ'ם וועג האט דר. אראנזאהן פערגעסען, די שנעלינקייט פונ'ם אויטאמאביל איינצוהאל־טען. דער אויטאמאביל איז אריינגעפאהרען אין א בוים און צערשפרינגען געווארען אויף שטיקער. דר. אראנזאהן און זיין מוטער זענען געבליעבען לעבען; זיין כלה אבער און דאס מיידעל פון לעמבערג זענען געבליעבען טויט אויף'ן ארט.

דר. אראנזאהן איז האלב־משוגע פאר שמערץ איבער דעם שרעקליכען אונפאל. פון וועלכען מיר ברענ־גען א אריגינעל בילד אין היינטיגער נומער.

# שפאניעז'ס צרות.

דאס אמאל זעהר גרויסע און מעכטיגע שפאניען, פון וועלכעס זיין הערשער קארל V האט זיך געקענט בעריהמען, אז אין זיין רייך געהט די זון קיינמאל נישט אונטער, איז היינט נאר א קליין לענדיל, וועלכעס שפיעלט אין דער וועלט פאליטיק א קליינע ראליע.

אים איגערן צעריסען אין פערשיעדענע פארטייען, וועלכע בעקעמפפען זיך ביז צום מעסער, איז עס נאך אויסען געשוועכט און אהן לעבענס־כחות. דאס ביסעל קאלאניען, וועלכעס זענען איהם געבליעבען פון דער אמאלינער גרויסקייט, האט עס אים לעצטען קריעג מיט אמעריקא פערלוירען, געבליעבען איז איהם נאר די האלב־אינזעל מ ע ל י ל א אין אפריקא, וועלכע גרעניצט מיט מאראקא און גיבט איהם א שטיקעל רעכט, צו פער־לאנגען, אז אויב ס'וועט קומען צו א חלוקה פון מאראקא, זאל עס בעקומען א חלק.

לעת־עתה אבער האלט עס נישט ביי אזא חלוקה, אדרבה, די מאראקאנער ווילען נאכטהון זייערע טירקישע און פערזישע ברידער און אפווארפען פון זיך דעם יאך פון פרעמדען איינפלוס. און דאס ערשטע כפ־ה־היהנדעל פון דער פאלקס־בעוועגונג איז שפאניען.

די ריף־קאבילען, די מאראקאנישע שבטים וואס וואהנען אין שכנות פון שפאניען, ווילען די שפאניער רוקא ארויסטרייבען פון דארט, ווייסענדיג אז פון מעלילא אויס וועלען די אייראפעער גרינגער קענען אריינקריעכען קיין מאראקא. ווייט 14 טעג שפיעלען זיך דארט אב שטענדיגע קעמפפע צווישען די שפאניער און די קאבילען, און האטשי די שפאניער זענען אויסגעריסטעט מיט מאדערנע וואפען און זייער פאזיציע איז זעהר א גינסטיגע, ערליידען זיי טעגליך גרויסע פערלוסטע און זענען שטארק בעדראהט אין זייער שטעלונג.

די שפאניש רעגיערונג וויל פון איין זייט פער־טושען די נישט־אנגענעהמע ידיעות וועגען די קעמפפע ביי מעלילא. פון דער אנדערער זייט אבער דארטהין אריבערשיקען א גרויסע צאהל מיליטער, כדי די קאבילען צו פערטרייבען. אבער דאס פאלק לאזט זיך נישט אב־נארען. די פרעסע שרייט געוואלט. אז שפאניען האט נישט קיין געלד און קיין מענשען, זיך אריינצולאזען אין דעם „מאראקאנישען אבענטייער" ווי פ־אנקרייך, עס ברויך ליעבער צוערשט מאכען אידנונג ביי זיך אים לאנד. דאס מיליטער אליין איז אויך שטארק נישט צופריעדען מיט דעם קריעג; אין בארצעלאנא האט אפילו א גאנץ באטאילאן, וואס האט געוואלט אבגעהן קיין מעלילא, רעוואלטירט און פערוויינערט דעם געהארזאם. דאס פאלק האט זיך פאר די זאלדאטען אנגענומען און דאס מיליטער איז צוריק מארשירט אין די קאסערן.

ווי ווייט ערנסט די זאך איז קען מען זעהען דאפון, וואס דער קעניג אלפאנזא האט פערשאבען זיין רייזע קיין ענגלאנד צום בעזוך פון ענגלישען קעניג, אויף א אונבעשטימטע צייט. ווייל אין דער ערנסטען סיטואציע קען ער נישט פערלאזען זיין לאנד. דאס לעצטע ביסעל מעלילא מאכט שפאניען אן גרויסע צרות און ס'וועט אפשר אויך דאס מוזען אויפגעבען.

די ריף־קאבילען זענען ווילדע אראבישע שבטים וואס וואהנען ארום מעלילא. זייער צאהל איז בערך 30 און שטענדיג הערשט צווישען זיי שט־ייט און מחלוקת. זיענט איינער איבער'ן אנדערן, ווערען די פיהרער געטעט־טעט און זייערע קעפ אויפגעהאנגען אויף די מויערן פון מעלילא אלס א סימן פון נצחון. אייניג זענען זיי נאר ווען עס האנדעלט זיך וועגען א קאמפף מיט שפאניען, דעמילט פערגעסען זיי אין אלע מחלוקות'ן און פערבינדען זיך געגען דעם געמיינזאמען פיינד. די קאבילען זענען זעהר טיכטיגע קעמפפער און די שפאניער האבען מיט זיי שטענדיג א שווער שטיק ארבייט.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער עטליכע אריגינעלע בילדער, פארשטעלענדיג די מויערן פון מעלילא מיט די טויטען־קעפ, ריף־קאבילען אויף זייערע פערד ביים קאמפף און א גרופע מאראקאנישע טיפען.



שפאניען'ס צרות: מאראקאנישע ריף־קאבילען.

# די ערייגניסע אין פערזיען.

לויט די ידיעות, וואס קומען פון פערזיען, האט דער רוב פון דער בעפעלקערונג אויפגענומען דעם טראן־ווערקסעל מיט בעפריערינגונג און דער נייער שאה אחמעד מירזא ווערט פון טאג צו טאג פאפולערער, ווייל קיי־נער האט מורא, אז דער 12־יעהריגער הערשער וועט עפיס אונטערנעהמען צום שאדען פון דער פרייהייט. די רעגיערונג ווידער, ווי אויך די רעגענטשאפט, פיהרען לויטער אנהענגער פון דער רעוואלוציע.

אלס איינעטליכער רעגענט וועט באלד ערנענט ווערען דעם יונגען שאה'ס פעטער, דער פרינץ ציל־על־סולטאנאה, וועלכער געפינט זיך נאך אלץ אין וויען. ציל־על־סולטאנאה איז א מאדערן געבילדעטער מענש, וועלכער קען די אייראפעאישע פערהעלטניסע און פון איהם ערווארטען די פערזער גרויסע פראקטישע רעפאר־מען אינ'ם לאנד.

דער אבגעזעצטער שאה געפונט זיך נאך אלץ אים פאלאץ פון דער רוסישער געזאנדשאפט. די פער־זישע רעגיערונג וועט איהם געבען א יעהרליכע פענסיע פון צוויי מיליאן פראנק — אבער בתנאי, ער זאל זיך בעזעצען ערגיץ־וואו ווייט אין רוסלאנד און זאל נישט אינטריגירען קעגען דער נייער רעגיערונג.

ווי ווייט דיעזע פארערונגען זענען בערעכטיגט, קען מען זעהן דאפון, אז דער אבגעזעצטער שאה בע־זיצט צווישען די הויכע גייסטליכע נאך א גרויסע צאהל אנהענגער און בעזונדערס דער העכסטער פערזישער גייסטליכער, דער שאך ראסלולייא. שרייט, אז די קאנ־סטיטוציע איז געגען דעם מאהאמעדאנישען גלויבען און מען בעדארף זי אבשאפען...



שפאניען'ס צרות: מאראקאנישע פאלקסטיפען.

ראנגען ענטפערן די נאציאנאליסטען, אז דער קאנסטאנטינאפאלער שאך־אול־איסלאם, דאס אבער־הויפט פון אלע מאהאמעדאנער, האט צוגעשטימט צו דער טירקישער קאנסטיטוציע, לויט פערשידענע נישט־קאנטראלירבארע ידיעות, זאמלען די גייסטליכע זייערע אנהענגער כדי ווידער איינצוזעצען דעם אראב־געווארפענעם שאה.

אינטערעסאנט איז, אז ווערהרענד דער רוסישער קאזאקען־גענעראל ליאקאוו איז געוועזען די הויפטשטיצע פון דער רעאקציע, האט פון דער אנדערער זייט א געוועזענער רוסישער מאטראז פון דעם רעוואלוציאנסשיף „פאטיעמקין“ געשפיעלט א גרויסע ראלע ביי די רעוואלוציאנערען.

רוסלאנד האט לעת־עתה זיין מיליטער פון פערזיען נישט צוריקגעצויגען. אויך ליאקאוו איז ווייטער אין טהעראן אלס קאמאנדאנט פון די קאזאקען. דאנעגען האט די טירקישע רעגיערונג ערקלערט, אז זי וועט בקרוב צוריקציעהען איהר מיליטער פונ׳ם פערזישען געביעט און בלויז איבערלאזען א קליינע צאהל זאלדאטען, כדי זיי זאלען דארט שיצען די טירקישע קאנסולאטע.

די זיעגרייכע רעוואלוציאנערע האבען תיכף בעפרייט אלע פאליטישע געפאנגענע דארונטער א גרויסע צאהל מיטגליעדער פונ׳ם פריהערינען פערזישען פארלאמענט, וועלכע זענען געוועזען איינגעשפער־ט און בלוטיג געשלאגען געווארען אויף דעם בעפעהל פונ׳ם אבגעזעצטען שאה.



די ערלעדיגטע אין פערזיען: געפאנגענע מיטגליעדער פון פערזישען פארלאמענט, וועלכע זענען איצט בעפרייט געווארען.

# די „כינעזען־שטאדט“ אין ניו־יארק.

די ערמארדונג פון דער גענעראלס־טאכטער עליזע זיעגעל דורך איהר כינעזישען געליעבטען לעאן־לינג און די שקאנדאלעזע ענטהילונגען, וואס זענען דאדורך ארויסגעקומען, האבען אויפמערקזאם געמאכט די אויגען פון דער אמעריקאנישער רעגיערונג אויף דער ניו־יארקער „כינעזען־שטאדט“ מיט איהרע געהיימניסע און ס׳איז בעשלאסען געווארען, אז די פאליציי זאל זיך פון איצט אן מעהר אינטערעסירען מיט די דארטיגע צושטענדע.

ניו־יארק, די גרויסע וועלט־שטאדט, בעזיצט בעזונדערע שטאדט־טיילע פאר די פערשידענסטע פעלקער, עס זענען דארט פערהאנען נאסען, אין וועלכע ס׳וואוינען לויטער רוסישע יודען, אין אנדערע נאסען וואוינען לויטער נאליציאנער, אונגארן, איטאליענער פוילען, רוטהענען, אירלענדער, נריעכען עטצ. יעדער פאלקסשטאם האט זיין בעזונדערן קווארטעל און זיינע בעזונדערע נאסען.

אם חאראקטעריסטישעסטען אין אלע דיעזע קווארטעלים איז די כינעזען־שטאדט, „כינא־טאן“ גערופען. זי בעשטעהט צום גרעסטען טייל פון שמאלע, ענגע נעסליך, מיט הייזער פון רויטע ציעגעל מיט גרינע פענסטער.

די רעסטוראציעס און שענקען זענען פערציערט מיט כינעזישע פענאראציעס און מיט כינעזישע פאהנען, אין די כינעזישע געשעפטע בעקומט מען אלע כינעזישע סחורות. טהייערע זיידענשטאפע, שטיקערייען, טהעע, רייז עטצ. די מייסטע כינעזישע סוחרים פערמיגען איבער א היבש קאפיטאל און „מאכען א לעבען“.

חוץ לזה זענען אבער אין דער כינעזען־שטאדט פערהאנען פיעל סודות און געהיימניסע. אין די שמאלע ענגע געסליך געפונען זיך קעלער׳ס, וואו עס ווערד גערויכערט דער כינעזישער „אפיום“ (א מין כינעזישער פערניפטעטער טאבאק, וועלכער שלעפערט איין די רויכערער און זיי חלומען פערשידענע פאנטאזיעס...) אט דיעזע אפיום־קעלער׳ס ווערען ביי נאכט שטארק בעזוכט פון נעבוירענע אמעריקאנער, בעזונדערס פון די אמעריקאנישע פרויען.

אין דיעזע געסליך שפירט מען אפט עפים א מין שמעקענדיגען גערוך, עס איז דאס פון דעם ווייהרויך, וועלכען די כינעזען אפפערן זייערע געטער. די כינעזען־שטאדט בעזיצט אויך איהר „טהעאטער“, אין וועלכען ס׳ווערען געשפיעלט כינעזישע שטיקע, וועלכע ווערען בעגלייטעט פון א אזיערען־בעטייבענדער גרילצענדער מוזיק.

די כינעזען אין ניו־יארק האבען צווישען זיך אויך געבילדעט פערשידענע געהיימע געזעלשאפטען מיט פערשידענע צוועקען און ציעלען.

אט דיעזע „כינעזען־שטאדט“ בעזיצט א בעזונדערע אנציהונגס־קראפט פאר די ווייסע אמעריקאנער. ביי טאג און ביי נאכט קען מען דארט זעהען די ניו־יארקער מיליאנערע ארום־פאהר־ען מיט זייערע אויטאמאבילען. די טרייעסטע געסט אבער, זענען דארט די אמעריקאנישע דאמען, וועלכע בעטרייבען מיסיאן און ווילען די כינעזען בעקעהרען צום קריסטענטהום. אבער די „בעקעהרונג“ איז נישט בלויז א רעליגיעזע, נור אויך א קולטורעלע, די אמעריקאנער ווילען פון די געלע כינעזער מאכען קולטור־מענשען מיט אמעריקאנישער ציוויליזאציע. די כינעזען לאזען זיך דאס נוט געפעלען, נערן אונטער־האלטען זיי זיך מיט די שענע שטאלצע אמעריקאנערינען, לאזען זיך בעקעהרען, מאכען זיי פרעזענטע, בעזוכען זייערע פאמיליעס, אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז די מיס־אנערקע פערליעבט זיך אין דעם כינעזע און ער קע מיט איהר טהון, וואס איהם געפעלט.

מיט דעם ערמארדעטען פרייליין זיעגעל איז געוועזען דיזעלבע געשיכטע. לעאן־לינג, א שטארק געבויעטער און אינטעליגענטער כינעזע, וועלכען זי האט „בעקעהרט“ האט אויף איהר געמאכט אזא איינדרוק, אז זי איז איהם אין גאנצען איבערגעגעבען געווארען... ער איז צוזאמען מיט זיין פריינד טשו־קאין, בעזיצער פון דער רעסטוראציע „פארט־ארטהור“, געוועזען א אפטער גאסט ביי איהרע עלטערן, זיי פלעגען איהר פאטער רופען „פאפא“, איהר מוטער „מאמא“.

ביידע אבער, האבען זיך פערליעבט אין דער זיעגעל, וועלכע האט צוערשט געהאלטען מיט לעאן־לינג, דערנאך זיך געווענדעט צו זיין חבר, דאס האט איהם פערדראסען און אויס אייפערזוכט האט ער זי ערמארדעט.



שפאניען׳ס צרות: די מויערן פון מעלילא מיט די טויטען־קעפ.



א קעניג אָהן א קרוין: דון קארלאָס פון בורבאָן.

די פאליציי ווענדעט אן אלע מיטעל, כדי דעם מערדער צו פאקען. טשו־קאין האט זיך מודה געווען אז ער האט געזעהן דורך א עפענונג אין דער טהיר, ווי לעאָן־לינג האט ערמאָרדעט די זיגעל. אבער לעאָן־לינג קען מען לעת־עתה נישט געפונען. עס וועט דאס אויך זיין זעהר שווער, ווייל ער איז א מיטגליעד פון א געהיימער געזעלשאפט, וואס האט דעם צוועק צו שיצען איהרע מיטגליעדער פאר פאליצייליכע פערפאלגונגען.

אפשר אבער וועט די מעשה מיט דער זיגעל שוין אבהאלטען די אנדערע אמעריקאנערינען, נישט מעהר צו וועלען בעגליקען די כינעזען מיט אמעריקאנישער קולטור...

# א קעניג אהן א קרוין.

אין ווארעזע, איטאליען, איז אם 18 יולי געשטארבען דון קארלאס פון בורבאן, דער קאנדידאט אויף'ן שפאנישען קעניגסטהראן.

זיין פאטער פיטער, איז געווען א שפאנישער פרינץ, וועלכעס ס'האט געדארפט צופאלען די שפאנישע קעניגסקרוין, לויט דעם געזעץ.

אבער דער דעמאלטיגער קעניג האט דאס טהראנפאלגע־געזעץ געענדערט, אין דעם זין, אז אויך טעכטער קענען איבערנעהמען די קרוין, כדי זיין טאכטער זאל קענען ווערען קעניגין.

אים לאנד האט זיך געבילדעט א פארטיי, וועלכע האט דיעזע ענדערונג נישט געוואלט אנערקענען. דער קעניג האט צוואר אויסגעפיהרט זיינס און זיין טאכטער איז געקומען אויף דער שטוהל, אבער זייט דעמאלט האט שפאניען שטאַרק געליטען דורך די פארטהייען־ענדע בירגערקריעגע צווישען די ביידע פארטייען.

אין די לעצטע יאהרען איז ערשט א ביסעל רוהיגער געווארען. דער יונגער קעניג אלפאנזא איז אים לאנד געווארען פאפולער און דאס האט אבגעשוואכט די קראפט פון די קארליסטען.

אבער דון קארלאס האט קיינמאל נישט פערציכטעט אויף זיינע רעכטע. ער האט געפיהרט דעם טיטעל „קארלאס VII קעניג פון שפאניען" און איז תמיד אויפגעטרעטען מיט קעניגליכער ווירדע.

געלעבט האט ער צום גרעסטען טהייל אין עסטערייך און איטאליען, בעגראבען ווערען וועט ער אין טריעסט, אין דער אלטען פאמיליען־גרופט פון די בורבאנען.

זיין זוהן, דון יאאימא, וועלכער דיענט אין דער רוסישער ארמעע אלס אפיציער, וועט איצט איבערנעהמען דעם פאטערס רעכטע, צו זיין א „קעניג אהן א קרוין"...

ס'איז אבער מעגליך, אז ער וועט אויפטרעטען מיט מעהר ענערגיע און ברענגען צו פערוויקלונגען אין שפאניען, וועלכעס האט אויך שוין אזוי גענוג צו ליידען פון שוועריגקייטען אים אינערן און אים אייסערן.

# זעלבסטמארד־פערזוך פון יאנינא בארווסקא.

זייט באלד צוויי חדשים זיצט שוין יאנינא בארווסקא אים קראקויער קרימינאל אינטער'ן השר, אז זי האט דערשאסען איהר פערטהיידיגער אים פ־אצעס געגען דעם „נאפשור", דעם ארוואקאט דר. וולאדזימיערז לעוויצקי.

ממשות'דיגע בעווייזע זענען נישט פארהאנען פאר איהר שולד. דער אונטערזוכונגסריכטער בעמיהט זיך איבערצ..., פון איהר ארויסצובעקומען א געשטענדניס, אז זי האט עס געטהון, אבער זי האלט זיך ביי איינעם, אז דר. לעוויצקי האט זיך זעלבסט דערשאסען און זי איז נאר דאביי געווען. וואס דער סוף וועט זיין פון דער אונטערזוכונג און ווען דער פראצעס וועט קומען צור פערהאנדלונג, קען מען פארלייפיג נישט וויסען; לעת־עתה אבער איז די בא־אווסקא מיט דעם זיצען אין קרימינאל שטאַרק נישט צופריעדען און בעזונדערס איז זי ברוגז אויף דער אויפזעהערין, וועלכע בעהאנדעלט זי צו שטרענג.

עטליכע מאל שוין האט זי פערלאנגט, מען זאל די אויפזעהערין פערבייטען אויף אנ'אנדערער. און ווען דאס איז נישט געשעהען, אונטערנעמט די בא־אווסקא פארינע וואך א פערזוך פון זעלבסטמארד. מיט שטיקלעך גלאז פון א צערבראכענער שויב צעשנייד זי זיך די אדערן פון די הענד און פרובט נאך מיט האארנאדלען די אדערן דורכצושטעכען. איהרע חבר'טעס אים ארעסט בעמערקען דאס אבער און אלארמירען די אויפזעהערין. עס קומט באלד דער געפענגניס־ארצט און לעגט איהר א פערבאנד אויף די צערשניטענע הענד. קוים אבער געהט דער ארצט ארוים, רייסט זי אב דעם פערבאנד און וויל ווייטער פארזעצען איהר ארבייט. דער ארצט ווערד נאך אמאל גערופען און ער מוז דער בארווסקא צובינדען די הענד, ווייל זי לאזט זיך נישט בשום אופן נאך אמאל צולייגען דעם פערבאנד.



די ערא־ייגניסע אין פערזיען: דער העכסטע פערזישע גייסטליכע די שטיצע פון דער רעאקציע.

איצט וועט מען אויף איהר ברויכען נאך מעהר אכטונג צו געבען.

# עקספלאזיע אויף א שיף.

א שרעקליך ערייגניס איז פארינע וואך פארגעקומען אויף דער דאמפפער „נוטענבערג" פון דער קעלן־דיסעלדארפער־שיפסגעזעלשאפט. ווען דאס שיף האט שוין געוואלט לאנדען ביי דער בריק אין ראלאנדס־עק, האט פלוצים א קעסעל עקספלאדירט.

די עקספלאזיע איז געשעהען מיט א מוראדיגער קראפט, אז כמעט דאס גאנצע שיף איז צערשפרונגען אויף שטיקער. דער הייצער איז געבליעבען טוידט אויף'ן ארט, דריי מענשען זענען אריינגעווארפען געווארען אין וואסער אריין און געטרונקען געווארען, 4 אנדערע פערזאנען זענען שווער, 15 לייכטער פערוואונדעט.

דער שאדען פון דער קאטאסטראפע, פון וועלכער מיר ברענגען א אילוסטראציע אין היינטיגער נומער, איז זעהר גרויס.



די כינעזען־שטאָדט אין ניו־יארק: די ערמארדונג פון דער גענעראלס־טאָכטער עלזיע זיגעל דורך איהר כינעזישען געליעבטען לעאָן־לינג.

# דאן יוסף הנשיא, הערצאג פון נאקסאס

## היסטארישער ראמאן אויס דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט

פריי בעארבייטעט נאך י. ווילדענראד.

(וויעבצעהנטע פארטזעצונג. *)

### אכצעהנטעס קאפיטעל.

נישט לאנג איז דון יוסף הנשיא געזעסען מיט זיינע דיענער און מיט די פרויען, וועלכע ער האט גערעטעט ביי ניקאזיא, אין דעם וואלד. ער האט געוואוסט אז איצט, נאכדעם ווי ניקאזיא איז געפאלען, וועט מוסטאפא זיך נעהמען צו פאמאקאסטא און ער מוז איבערדעם זיך איילען, דארט פריהער אנצוקומען, איידער די שטאדט וועט פערוויסטעט.

מרים, שמעון'ס כלה, איז ביי איהם געבליעבען. שמעון איז פערשוואונדען און קיינער האט נישט געוואוסט וואוהין. זי האט געפיהלט א שטארק געפיהל פון דאנקבארקייט צו דון יוסף הנשיא, וועלכער האט זי בעפרייט פון די טירקישע הענד און האט איהם בעגלייט אויף זיין וועג.

אין עטליכע טעג ארום איז ער געשטאנען נישט וויים פון פאמאקאסטא. אויף א קליין בערגיל, פון וועלכען מען האט געזעהען פון דער ווייטענס פאמאקאסטא'ס מויערן, זעצט ער זיך אנידער אפרוהען מיט זיינע בעגלייטער. ארויסשיקענדיג עטליכע דיענער אבצוזוכען עפים א פאסענדען ארט, וואו מען וועט קענען אויפשלאגען די געצעלטען און ווארטען אויף דעם, וואס וועט קומען.

באלד קומען די דיענער צוריק און דערצעהלען, אז א גאנצער הויפען פרויען און קינדער האבען פערלאזט די שטאדט...

— ברענגט זיי אהער צו מיר! — בעפעהלט דון יוסף הנשיא — סימוזען דאס זיין פליכטלינגע פון פאמאקאסטא, איך מוז זיי רעטען און בעפרייען פון מוסטאפא'ס גרוזאמקייטען.

עס דויערט נישט לאנג און דון יוסף'ס דיענער קומען צוריק אין בעגלייטונג פון א גרויסער צאהל פרויען און קינדער. דון יוסף רופט זיי אקעגען און שטעלט זיך אב נעבען עפים א עלטערער פרוי, פרעגענדיג זי, פון וואנען זיי קומען און וואוהין זיי געהען.

די אלטע פרוי קוקט מיט ציטערניש אויף די פרעמדע מענער. אין וועלכע זי דערקענט טירקישע זאלדאטען... מען האט אונז ארויסגעטריעבען פון דער שטאדט, כדי מיר זאלען זיך קענען רעטען; צום סוף פאלען מיר תיכף אין די טירקישע הענד! — קלאגט זי ביי זיך.

דון יוסף הנשיא זעהט, אז די פרוי האט מורא פאר איהם און ענטפערט נישט, ווענדעט ער זיך צו די איבריגע פרויען און רופט מיט א הויכען קול:

— האט פאר מיר קיין מורא, ווענעציאנער טעכטער! איך וויל אייך נישט טהון קיין שלעכטס! זאגט פון וואנען איהר זענט און וואוהין איהר געהט — אפשר וועל איך אייך קענען העלפען!

אין דעם מאמענט רוקט זיך ארויס א יונגע ווענעציאנערין מיט א שטארק פערשלייערט פנים און ניעדערקניענדיג פאר דון יוסף הנשיא, רופט זי:

— מיין יוסף! מיין געליעבטער!

מעהר קען זי נישט רעדען — זי פאלט אנידער חלשות.

שנעל שפרינגט דון יוסף אראב פון'ם פערד און הייבט אויף די אהנמעכטיגע אין זיינע הענד... אבער אויך זיינע פים וואנקען, זיינע הענד ציטערן, ער גלייבט נישט זיינע אייגענע אויגען.

— לעאנארא! לעאנארא! — שעפטשען זיינע ליפען...

די דיענער לויפען באלד צו און בעשפריצען די אהנמעכטיגע מיט וואסער... באלד עפענט זי די אויגען און שטרעקט אויס איהרע הענד צו דון יוסף מיט א בעטענדיגער מיענע.

— בערוהיג דיך, טהייערע לעאנארא! — שעפטשעט ער איהר אין אויער אריין, דריקענדיג צונלייך זיינע הייסע ליפען אויף איהר שטערן — בערוהיג דיך! דער גרויסער גאט, וואס האט אונז וויעדער צוזאמענגעפיהרט, וועט אונז נישט מעהר צושיידען! אלע ווענעציאנערין, וואס געפונען זיך אין דיין בעגלייטונג, וועלען פון איצט אן שטעהען אונטער מיין שוץ!...

ביסלעכווייז בערוהיגט זיך לעאנארא; דון יוסף ציעהט זיך מיט איהר צוריק אונטער א געדיכטען בוים, און נאכדעם ווי זי האט זיך געשטארקט מיט וויין, דערצעהלען זיי זיך געגענזייטיג אלעס, וואס האט זיך מיט זיי איבערגעטהון אין דער לאנגער צייט, זייט דעם זיי האבען זיך צום לעצטען מאל געזעהען.

די דיענער האבען דערווייל פערזאמעלט אלע פאמאקאסטא'ר פרויען און קינדער אין א נאהענט וועלדעל, דארט האט מען זיי געגעבען צו עסען און צו טרינקען, דערנאך לעגען זיי זיך אויסרוהען.

דעם אנדערען טאג בעפעהלט דון יוסף זיינע דיענער, אויפצולאדען אלסדינג און צו ציעהען אין די הויכע בערג, וואס געפונען זיך צווישען ניקאזיא און פאמאקאסטא.

— דאס לאנד דארט אויבען איז פרוכטבאר און מוסטאפא האט עס נאך נישט פערוויסטעט — רעכענט ער — דארט וועל איך לאזען אויפבויען געצעלטען פאר מיין גאנצער מחנה און אויפפלאנצען די פאהן פון מיין קעניגרייך! זאל מוסטאפא טהון מיט פאמאקאסטא, וואס ער וויל — איך קען איהם נישט שטערען, ווייל ער האט דאך דעם אבערבעפעהל איבער די ארמעע... אבער צו די נייע שטעדט, וועלכע איך וועל בויען, האט ער קיין שליטה נישט! דא בין איך קעניג און הערר!

דער וועג אין די בערג איז געוועזען שוועריג, איבערהויפט ווייל די פיעלע פרויען און קינדער האבען נאר מיט שוועריגקייטען געקענט דארט ארויפקריכען און מען האט זיי געמוזט ארויפטראגען, אבער מיט געדולד איז אלסדינג ערררייכט געווארען.

קוים איז אלעס געוועזען אויבען, האבען די דיענער אנגעהויבען צו בויען געצעלטען, די פרויען העלפען מיט, ווי וויים זיי קענען. די הארטע ערד ווערד צערגראבען און פרוכטבאר געמאכט. די בערג זענען בעדעקט פון וועלדער מיט פרוכטבארע ביימער. אזוי אז עסען האט פאר דעם עולם נישט געמאנגעלט.

אנ'אלט חורבה, אנ'אמאליגען גריכישען טעמפעל, האט דון יוסף הנשיא אויסגעקליעבען פאר זיין וואהנזיטץ. מען האט זי ווי וויים ס'לאזט זיך אויסגעבעסערט און געמאכט וואהנבאר.

לעאנארא געפינט אין מרים א טרייע פריינדין, א שטיצע און א טרייסט אין דיעזע שווערע טעג, די ביידע שווער-געפרופטע קינדער פלעגען אפט זיצען צוזאמען און זיך געגענזייטיג אויסגיעסען זייערע ביטערע הערצער...

לעאנארא האט זיך ביסלעכווייז בערוהיגט. נאר ווענען דעם שיקזאל פון איהרע ברידער פלעגט זי אפט ציטערן, וויסענדיג, אז באלד וועט עס קומען צו א בלוטיגען קאמפף ביי פאמאקאסטא און אזוי ווי די טירקען זענען פיעל צאהלרייכער און שטארקער, וועלען זיי אוראי זיעגען.

אבער וואס קען זי טהון? העלפען קען זי נישט און דון יוסף'ס דיענער זענען צו שוואך, צו קענען שיצען די שטאדט; חוץ לזה האט ער איהר אויסדריקליך ערקלערט, אז ער טאר זיך מוסטאפא'ן נישט אקעגענשטעלען, ווייל ער וועט איהם זיכער פערליימדען פאר'ן סולטאן, אלס פערדעטהער און דאמיט צערשטערען אלע זיינע פלענער.

דון יוסף הנשיא'ס עצה איז געוועזען, אז פאמאקאסטא זאל זיך פרייוויליג אונטערגעבען, דערמיט וואלט אפשר מוסטאפא געמוזט שוינען די שטאדט און איהרע בעוואהנער.

לעאנארא אבער ערקלערט, אז דאס איז א אונמעגליכע זאך, איהרע ברידער, די קורינט'ס, וועלען ליעבער קעמפפען ביז צום לעצטען טראפען בלוט, איידער זיך אונטערצוגעבען די טירקען.

* * *

די נאכריכט, אז דון יוסף הנשיא האט זיך פעסטגעזעצט צווישען די ציפריאנישע בערג און בויעט דארט א שטאדט, איז באלד געקומען צו מוסטאפא'ס אויערן...

צוערשט האט דער שלויער טירקע דאס נאר נישט געוואלט גלייבען. „וואס מאכט ער זיך עפים נאריש?" קלערט ער ביי זיך.

אבער נאכדעם ווי ער האט אויסגעשיקט עטליכע שפיאנען און זיי האבען איהם אלעס בעשטעטיגט, איז מוסטאפא'ס כעס נאר גרוים געווארען...

— איצט פערשטעה איך שוין זיינע מחשבות! — רופט ער דערצערנט — אין דער צייט, ווען איך בעזיעג די ווענעציאנער און פערוויסט זייערע שטעדט, בויעט ער אויף פרישע, כדי צו בעגרינדען זיין קעניגרייך! דער פלאן איז זעהר קלוג אויסגעקלערט. דאס געבירג איז נישט וויים פון'ם ים, אזוי אז ער וועט תמיד קענען האבען די פערבינדונג מיט'ן מעער און פון דארט בעקומען שטיצע, וויעפיעל ער וועט ברויכען. ווער ווייסט, אויב ער האט זיך נישט שוין איבערגעבעטען מיט די יודען און די וועלען איהם ראצו פערהעלפען! אפשר איז אויך דאס דער טעם, וואס דער פאנאטיקער שמעון האט זיך פלוצים איבערגעדרעהט און וויל דעם הערצאג פון נאקסאס קיין שלעכטס נישט טהון...

מוסטאפא שטאמפפט מיט די פים פאר כעס אבער העלפען קען ער זיך נישט. נאך האט דער סולטאן נישט צוריקגעצויגען אפיציעל זיין ווארט, אז אויב די אינזעל ציפערן וועט ערָאבערט ווערען, זאל דארט דער הערצאג פון נאקסאס גריגדען א יודיש קעניגרייך — דון יוסף הנשיא קען איבערדעם טהון, וואס איהם געפעלט...

עס בלייבט נישט קיין אנדערע עצה, ווי דעם יוד אריינצונארען אין א זאק אריין און מיט איהם צו מאכען א סוף...

מוסטאפא לאזט איבערדעם שרייבען א בריעף צו דון יוסף, אין וועלכען ער איז מודיע, אז די קאמאנדאנטען פון פאמאקאסטא ווילען זיך פרייוויליג אונטערגעבען און ער לאדעט איהם, דעם הערצאג פון נאקסאס, איין, בייצוּוואהנען דעם מאמענט, ווען די פעסטונג וועט עפענען איהרע טהויערן פאר די טירקען.

דון יוסף הנשיא קען זיך גאר נישט גלייבען, אז מוסטאפא זאגט אמת — ער רעכענט אפילו, אז דא מוז ליגען עפים א נייע שפעקולאציע, כדי איהם צו פערדערבען, אבער ווען ער פרעגט אויס מוסטאפא'ס משולחים און בעשטעטיגען איהם, אז זייט צוויי טעג האבען די פאמאקאסטא'ר ארויסגעשטעלט א ווייסע פאהן, א סימן אז זיי ווילען שלום, רעכענט ער, אפשר איז עס דאך אמת...

און ער לאזט מוסטאפא'ן זאגען, אז דעם אנדערען טאג וועט ער קומען אין זיין לאגער, כדי צו זעהען דעם פריעדליכען נצחון פון די טירקען.

---

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהעריגע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

דון יוסף הנשיא דערצעהלט נאטירליך תיכף לעאָנאָראַ'ן די פריילּיכע בשורה. דאס שווערנעפרופטע מעדכען טאנצט אויס פאַר פרייד, אַז זי וועט באַלד קענען זעהען איהרע ברידער און זי בעט דון יוסף, ער זאל זי און מרים'ן מיטנעהמען אין מוסטאַפאַ'ס לאגער אַריין.

צוערשט וויל ער נישט. מאכענדיג זי אויפמערקזאַם אויף דעם שווערען וועג צווישען די בערג. אבער שליעסליך זעהט ער איין, אַז זי האט ראַך א רעכט. צו וועלען וואָס ניכער זעהען איהרע ברידער און ער בעווילינט איהר פערלאַנגען.

מרים וויל אבער נישט מיטנעהמען. איהר הארץ זאגט איהר. אַז עס ערוואַרטעט זי עפּיס שלעכטס אויפ'ן וועג. אבער לעאָנאַרא בעט זי אַזוי לאנג, ביז זי ווילינט אַיין.

(פאָרטזעצונג קומט).

# צו די לעזער.

אין נאך צוויי נומערן ענדיגט זיך דער היסטאָרישער ראמאן „דון יוסף הנשיא" און אין דער דריטער נומער וועלען מיר אָנהייבען צו דריקען אַ נייעס, אריגינעלען ראמאַן

# „אים הארעם פונ'ם סולטאן"

## שפעציעל געשריעבען פאר דער „יודישען אילוסטרירטען צייטונג".

אין דעם נייעם ראמאַן וועט געשילדערט ווערען דער גורל פון א יודיש מיידעל אויס רוסלאנד. וועלכעס איז פערנארט געוואָרען דורך מעדכען־הענדלער און מען האט זי פערקויפט צום סולטאַן אבדול האמיד אין הארעם אריין.

אויספיהרליך וועט ווערען בעשריעבען דאס לעבען און טרייבען אינ'ם האַ־עם און אלע צרות, וועלכע דאס יודישע מיידיל איז אויסגעשטאנען, ביז ס'איז געקומען די יונגטירקישע רעוואָלוציע און האט אבגעוואָרפען דעם סולטאַן און צווישען עטליכע הונדערט הארעם־פרויען איז אויך זי בעפרייט געוואָרען.

די שילדערונגען זענען זעהר שפאנענד און סענזאציאנעל. די מייסטע בעגעבענהייטען זענען אמת. לויט אויטהענטישע קוועלען און בעריכטע.

מיר האָפען. אז אונזערע לעזער וועלען בעגריסען מיט גרוים אינטערעס דאס ערשיינען פון דעם נייעם ראמאַן.

די רעדאקציע.

# א יודישער קויפמאן אין לעמבערג דערמארדעט.

אין דער נאכט פונ'ם 22 אויפ'ן 23 יולי איז דער זיעבציגיעהריגע קויפמאן ברוך שנאפיק געפונען געוואָרען ערמאָרדעט אין זיין וואהנונג. אין דער סמאָטשא־גאס.

זיין פאַמיליע האט זיך געפונען אין א דאַ־פ אויף לופט און שנאפיק איז אליין געווען אין דער היים.

תיכף ווען דער מאָרד איז ענטדעקט געוואָרען, איז אריינגעקומען א געריכטליכע קאמיסיע און דער געריכטס־ארצט קאנסטאטירט, אז דער מארד איז שוין געשעהען פאר 7 טעג.

פון דעם מערדער פעהלט לעת־עתה יעדע שפור. מען רעכענט אז עס ליעגט דא פאַר א רויבמארד.

# בכל-מכל-כל.

(נחמו נחמו עמי — נעכטען „איכה ישבה בדד" היינט „נחמו נחמו" — אמת'דיגע טרייסט — פראַקטישע הילף — די אמת'דיגע נחמה.)

נחמו, נחמו עמי!

טרייסט'ס טרייסט'ס מיין פאלק!

ס'איז א מערקווירדיג פאָלק, דאס יודישע — קוים דריי־פיער טאג נאך תשעה־באב. ס'זענען נאך נישט פערטרוקענט געוואָ־ען די טרעהרען, וואס זיינע טרייע זוהן האָבען פערגאסען אויפ'ן חורבן פונ'ם בית־המקדש, און שוין טרייסט עס זיך מיט די הערליכע ווערטער פ׳ן זיין גרויסען נביא און חלום'ט פון שענע גליקליכע צייטען, ווען עס וועט ווידער זיין דערהייבען איבער אלע פעלקער און נאט'ס כבוד וועט איבער איהם שטראַהלען.

„לבכות ענותך אני תנים; ועת אחלום שיבת שבותך, אני כנור לשיריך" — האט שוין געזאגט דער גרויסע יודישע נאַציאנאל־דיכטער ר' יהודה הלוי אין זיין אונפערגלייכליכען פּאָעם „ציון הלא תשאלי" — „צו בעוויינען דיין עלענד קלאַנג איך ווי א שלאַנג; אָבער ווען איך חלום דאס צוריקקעהרען פון דיין געפאַנגענשאַפט, בין איך א פיעדעל פאר דיינע ליעדער".

נעכטען „איכה ישבה בדד" — היינט „נחמו, נחמו עמי!".

אפשר ליעגט טאקי אין דעם דער כח פונ'ם יודישען פאלק. דורכ'ן שמע־ץ ווערד עס נעביינט, אבער נישט נעבראכען; די גרויסע פערפאלגונגען, וועלכעס עס איז אויסגעשטאַנען זייט באלד 2000 יאהר האבען זיין לעבענסקראַפט נישט פערניכטעט. ווייל עס האט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו האפען און צו גלייבען, צו ערוואַ־טען א בעסערע צייט... נאכ'ן „איכה ישבה בדד" איז תמיד געקומען „נחמו, נחמו עמי!".

„נחמו, נחמו עמי!" — „טרייסט'ס טרייסט'ס מיין פאלק!" — עס בעדאַ־ף תמיד האבען. מען זאָל עס טרייסטען! „צעזייעט און צערשפרייט אין אלע עקען און ווינקעליך פון דער וועלט, האָט עס קיין מאל נישט קיין רוהינע מינוט, תמיד טהוט אנ'אַנדער אבר פון דער אומה וועה. באלד איז דער טהייל, באַלד יענער — קראַנק און צערשלאַגען, באַלד ווערען זיינע קינדער אין דעם ווינקעל באַלד אין יענעם געטריעבען און פערפאלגט, געיאגט און נערודפ'ט אהן רחמנות — „נחמו, נחמו עמי!"

שטאַרק, געוואַלטיג גרויס זענען די טרייסטווערטער פונ'ם נביא. און ווער ס'פערשטעהט זיי, קען טאקי פון זיי שעפען כח און נחמה אין שלעכטע צייטען. מענשען מיט א שטארקער פאנטאזיע קענען אויף די פליגעל פון דעם נביא'ס פאעזיע שוועבען ביז צו די הייכען פונ'ם הימעל און קוקען מיט א מין גלייכגילטינקייט, מיט א קאַלטבלוטינקייט אויף די קליינליכע צרות פונ'ס היינטיגען טאג...

אבער דאס לעבען איז האַרט... מיט פאעזיע אליין קען מען נישט אנזעטינען א הונגעריגען מאגען, קען מען נישט שטילען דעם דורשט פון א פערטרוקענטער צונג, קען מען נישט אבווישען דאס בלוט, וואס פליעסט פון פרישע וואונדען... דאס יודישע פאלק בעדאַרף א טרייסט, א נחמה; אבער נישט בלויז אין ווערטער. אין שענע רעדעס, צייטונגס־אַרטיקעל און מאַניפעסטע — די טרייסט דאַ־ף זיין פ־אַקטיש. גרייפבאַר, ממשות'דיג. דעמאלט וועט זי קענען ווען נישט אים גאנצען העלפען. ווענינסטענס לינדערען דעם לעת־עתה'דיגען שמערץ!

„נחמו. נחמו עמי!" טרייסט'ס. טרייסט'ס מיין פאלק! איהר אַלע, וואָס איהר בילדעט פאַרטייען, חברות ארגאַניזאציעס, קאַסיטעטען, קלובען או. ז. וו. טרייסט'ס, טרייסט'ס מיין פאלק, אבער נישט מיט פראַגראַמע, מיט טהועכצער, וואס ברענגען קיין ממשות'דיגע הילף; נאַרט נישט אָב אייך אַליין און בעטריגט נישט יענעם, מיינענדיג, אַז מיט דעם אויפשטעלען פון א פראגראַם זענט איהר שוין יוצא געוועזן אייער חוב! ניין! האט איהר עפּיס צו זאגען, האט איהר עפּיס א פלאַן, טאָ־זשע טהוט עפּיס. בעווייזט אייער כח, נאַך א קאנפערענץ און ווידער אַ קאנפערענץ, נאַך א קאַמיטעט און ווידער א קאַמיטעט, נאך אַ פראגראַם און ווידער א פראגראַם — מיט דעם וועט איהר דאס פאלק נישט טרייסטען; אַדרבה, איהם נאך אָוועקרייבען דעם גלויבען אין א הילף פון אייער זייט!...

„כל ראש לחלי וכל לבב דוי!" פ׳ון קאפ ביז צו די פוס איז דאס פאלק קראַנק, גייסטיג, פיזיש, מאַטעריעל... פון אלע זייטען הערען מיר קלאַגען איבער דעם ירידת היהדות, איבער דעם מאנגעל פון יודישער קולטור, איבער דעם עלענד און נויטה, אין וועלכע ס'לעבען די יודישע פאלקסמאַסען...

און וואס טהוען מיר דאַגעגען? דיעוועלבע עלטערן, וו'אס קלאַגען איבער ירידת היהדות, ערציעהען זייערע קינדער אויף דעם נישט־יודישען שטיינער; דיעזעלבע וואס קלאַגעו איבער דעם מאַנגעל פון יודישער קולטור, זענען אַסימילירט דורך און דורך; דיעזעלבע וואס קלאַגען איבער יודישער נויטה קויפען נישט ביים יודישען סוחר, בעשעפטיגען נישט דעם יודישען ארבייטער. פערנאכלעסיגען דעם יודישען האנדווערקער — קען אזא מין טרייסט האבען עפּיס א ווערטה?

„נחמו, נחמו עמי!" טרייסט'ס, טרייסט'ס מיין פאלק! אבער נישט מיט פראַזען, מיט אידעאַלען, מיט קאנפערענצען, מיט רעזאלוציעס און מיט קאַמיטעטען, טרייסט'ס איהם מיט עפּיס ממשות'דיגען. „אמיר מעט ועשה הרבה", ווייניגער רעדען און מעהר טהון! יעדער וואס ווינשט טובת הכלל, יעדער וואס פיהלט זיך בכח עפּיס צו טהון לטובה פון זיינע ב־ידער, זאל זיך סטאַ־ען צו טהון ווי ווייט ער קען און נישט מיינען, אז מיט דעם, וואס ער וואַ־פט יענעם אַראב פונ'ם בענקיל און זעצט זיך אַליין אַרויף, איז שוין דעם יודישען פאַלק נעהאָלפען!

„נחמו, נחמו עמי!" אבער נישט מיט פראַזען ווי פאַנאַטיקער, אַסימילאַנטען, שאוויניסטען, העבּרעאיסטען, ושארנאניסטען, נאציאנאליסטען עטצ. עטצ. מיט דעם, וואָס איטיצער טהוט פערקעהרט פונ'ם אנדערן, האָט ק־ נאך נאר נישט אויפגעטהון — דאס איז נישט קיין טרייסט פאַר'ן יודישען פאָלק, קיין נחמה פאר אונזערע ברידער!

„נחמו, נחמו עמי!" טרייסט'ס טרייסט'ס מיין פאלק! מיט ערנסט, מיט א ערליך שטרעבען לטובת־הכלל. מיט א פראַקטיש ציעל און ממשות'דיגען צוועק — דאס וועט זיין די אמת'ע נחמה!

בן־לאה.



עקספלאָזיע אויף א שיף.



א צוועלף-יעהריג וואונדערקינד.

# א צוועלפיעהריג וואונדער-קינד.

אים פאריזער קאנזערוואטאריום איז פאר עטליכע טעג פארגעקומען א וועטבעווערב פון פיאניסטען.

בעטהייליגט אין דעם וועטבעווערב האבען זיך פיעל גרויסע קינסטלער און קינסטלערינען. בעקומען דעם ערשטען פרייז האט אבער די 12-יעהריגע פיאניסטין אלינע וואן-וואר ענטצען, וואס איהר בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער.

די 12-יעהריגע קינסטלערין האט ערוועקט מיט איהר ווירטואזיטעט די גרעסטע בעוואונדערונג און איהר שפיעלען איז בעלאהנט געווארען מיט'ן גרעסטען בייפאל.

# א עסטרייכישער פראפעסאר אלס אראבער-הייפט-לינג.

ריעזע טעג איז צוריקגעקעהרט פון א פארשונגס-רייזע אין אראביען דער עסטרייכישער פראפעסאר דר. מוסיל, וועלכער האט אים אויפטראג פון דער וויענער אקאדעמיע פאר וויסענשאפטען דורכגעפארשט צפון-אראביען.



א עסטעררייכישער פראפעסאר אלס אראבער-הייפטלינג.

דאס געביעט, וועלכעס דער געלעהרטער האט דורכגעפארשט, געהערט צו די געפעהרליכסטע געגענדען פון אראביען. עס איז בעוואוינט פון ווילדע בעדואינען-שבטים, וועלכע בעקעמפפען זיך געגענזייטיג מיט פייער און שווערד און זענען גרויסע שונאים פון א יעדען איינראפעער.

פראפעסאר מוסיל האט דיעזע געפעהרליכע רייזע נור געקענט אונטערנעהמען, פערשטעלענדיג זיך פאר א אראבער און שליסענדיג א בונד מיט דעם בעדואינען-הייפט-לינג פירסט נורי, וועלכער האט איהם ערנענט צו זיין שטעלפערטרעטער און איהם איבערגעגעבען די ממשלה איבער דעם גאנצען שבט.

אויף דעם אופן האט דער קיהנער מיהפולער גע-לעהרטער געקענט דורכוואנדערן די גאנצע געפעהרליכע געגענד, אין בעגלייטונג פון אראבער, בלויז איין איירא-פעער, דער פעלדוועבעל טהאמאכבערגער פונ'ם מילי-טער-געאגראפישען אינסטיטוט, איז מיט איהם ראט געווען.

טראצדעם איז דער וועג געווען זעהר געפעהרליך ווייל די אנדערע בעדואינען-שבטים פלעגען זיי פערפאל-גען מיט גרויס פאנאטיזמוס און דער געלעהרטער האט געמוזט זיך פארזיכטיג אויף שריט און טריט, מיט זיי נישט צוזאמענצוקומען.

איבער א יאהר האט די רייזע געדויערט און די צרות, וועלכע די עקספעריציע האט זיך אנגעליטען, זענען געווען נישט צום בעשרייבען. צומייסט האבען זיי געלעבט פון טרוקען ברויט מיט קאפע, די מיט-גענומענע קאנזערווען זענען פון דער היטץ אזוי פער-דארט געווארען, אז מען האט זיי נישט געקענט געניע-סען.

דאס וועטער איז געווען פערשיעדען, ביי טאג 40-60 גראד היטץ, ביי נאכט ביז צו 15 גראד קעלט — ס'פלעגען אפט ביי טאג די שלויכען מיט וואסער פערטרוקענט און ביי נאכט געפרוירען ווערען. דאצו האט מען ביי-נאכט נישט געטארט אנצונדען קיין פייער, כדי די פיינד זאלען נישט דערקענען, וואו די עקספעדי-ציע געפינט זיך.

טראטץ דיעזע און עהנליכע שוויעריגקייטען האט דער פראפעסאר מוסיל, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין דער היינטיגער נומער, זיין וויסענשאפטליכע דורכפאר-שונג געענדיגט מיט א זעלטענעס ערפאלג און דאס מאטעריאל, וואס ער האט געבראכט, וועט בערייכערן די וויסענשאפט מיט זעהר וויכטיגע און אינטערעסאנטע ידיעות.

# שבת-נחמו.

(הומארעסקע).

— חתונה מאכען א קינד, בעזונדערס א מיידעל, איז אם בעסטען שבת-נחמו! — אזוי פלעגט מיין באבע דבורה תמיד זאגען, — שבת-נחמו איז זומער-לעב, נאט צו דאנקען אלטרינג צו בעקומען און נאך ביליג דאצו, בחצי חנם. אייער אויף לעקעכער 15 פאר צוויי געקסער-ליך און אפשר נאך 16. יונגע היהנרליך און גענזליך וויפיעל איהר ווילט אליין. אויך פיש איז בחצי-חנם, ווער שמועסט פון פירות און ירקות אויף צימעסען און קאמפאטען, חריין, מייערליך, אוגערקעס וכדומה, דאס איז דאך בזולי-הזול, ממש נעה און נעם וואס דיין הארץ גלוסט!

דאצו איז געוויינטליך שבת-נחמו שען און דרוי-סען, טרוקען, ווארעם; מען קען שטעלען די חופה אויף דער גאס און די מחותנים בעדארפען זיך נישט פער-בלאטיגען די מלבושים. העלפט נאט, או מען האט א גרויס הויף נעבען דער דירה, איז בודאי גוט, שטעלט מען אויס טישען אין הויף און מען מאכט א סעודה אונטער'ן פרייען הימעל, טאקי ווי אין שלמה המלך'ס צייטען...

אז אזוי פלעגט מיין באבע דבורה אויסרעכענען די מעלות פון שבת-נחמו בנוגע צו חתונה-מאכען, און ווייסען זאלט איהר, אז זי איז געווען גענייט אין די זאכען. פסך-הכל האט זי אליין התונה געמאכט אכט טעכטער איינעגע, חוץ עטליכע ארימע געשוויסטערקינדער, וואס זענען געבליעבען יתומות און געלעגען אויף איהר קאפ. אבגעפארעט זיך מיט דער לעצטער טאכטער, הייבט זיך אן א סדרה אייניקלעך און דאס געהט אהן א עין-הרע כסדר ווי א מיהל. פסך-הכל האט זי שוין ביז היינט התונה-געמאכט 14 אייניקליך, מיידליך, חוץ עט-ליכע בחורים, — זי איז שוין אלט, מיין באבע, קרוב לשמונים און האט שוין א היבש ביסעל אור-אייניקלעך אויך — נישט אלע האט מען טאקי געקענט חתונה מאכען אים שבת-נחמו, ווארין איהר ווייסט דאך, אויף התונה האבען איז יעדען פארגעשריעבען א צייט, נישט א מינוט פריהער און נישט א מינוט שפעטער, און נעה רייס דיך אויף די גלייכע ווענט. אבער א היבש ביסעל תהונות איז טאקי אויסגעקומען אים שבת-נחמו און די באבע האט דעמילט געוואוסט פון א נחת צו זאגען...

— הכלל, חתונה צו מאכען א קינד, בעזונדערס א מיידיל, איז אם בעסטען שבת-נחמו — אזוי פלעגט די באבע טענה'ן כסדר און דולען מיין טאטען דעם קאפ, למאי ס'איז שוין נאך פסח און מיין שוועסטער רחל'ע איז נאך אלץ נישט קיין כלה.

גערעדט האט מען איהר אפילו נאר וואילע שידוכים, אבער ווען ס'איז נישט קיין זיווג מן השמים העלפען נישט אלע חכמות. די מחותנים פאסען זיך צו, דאס יונגע פאר פאלק געפעלט זיך, ס'איז נישטא קיין שום מניעה — אבער אז דער שטן שטעלט זיך אריין אין דער מיטען, העלפען נישט קיין שום חכמות...

פון די אלע גוטע שידוכים לאזט זיך אויס א בוידעם, און רחל'ע איז ווייטער א מיידיל.

איין שידוך שלעפט זיך שוין פון פורים-צייט אן, דער שדכן ר' אנטשיל איז זיך שוין אבגעלאפען די פיס, די מחותנים האבען זיך שוין עטליכע מאל אויסגע'טענה'ט וועגען נדן און מען איז געקומען צו א סוף, ער, דער צדיק זאל לעבען, האט אויך שוין מסכים געווען און דאס יונגע פאר פאלק איז זיך געפעלען, אבער ווי עפיס מעשה שטן, מען קען נישט קומען צו קיין סוף.

אבגעלעגט די תנאים האט מען אויף חול-המועד פסח, טרעפט זיך א סבה, בייס מחותן שטארבט, לא עליכם, א ברודער אים חול-המועד, קען [illegible] דאך דער-מילט קיין שידוך נישט טהון.

הכלל, אס-יו-חנ! ברעכט אויס אין שטעדטיל א שרפה און פערוויסטעט א פיערטעל שטאדט, ביידע מחותנים האט צוואר נישט געשאדט, אבער ווער געהט עס עפים אין אזא שעה שרייבען תנאים?

נו, מילא, לאז זיין ראש-חודש אייר! פערגליסט זיך דער מאמען מיינער צו געהן צו קינד אים ראש-חודש און נעה מהו עפים...

די באבע רעדט און רעדט, שרייט און שרייט: סטייטש, וואו איז [illegible] געהערט געווארען, מען זאל א פאסענדען שידוך אבליינען פון וואך צו וואך! שידוכים קען מען דאך טהון אפילו אים שבת, אפילו אים תשעה-באב, „שמא יקדמנו אחר", טאמער חאפט אנ'אנדערער אויס (מיין באבע קען אביסעל לשון-הקודש אויך)...

מיין טאטע אבער וויל דוקא שרייבען תנאים אין עפים א יומא דפגרא; ס'איז זיין עלטסטע טאכטער, דאס ערשטע קינד התונה צו מאכען, וויל ער שרייבען תנאים מיט פאראד, פערבעטען א האלבע שטאדט, דעם רב, די דיינים, אלע גוטע פריינד — און דאס קען נאר גע-שעהען אין עפים א וויכטיגען טאג, נישט אין א גע-וועהנליכען מיטוואך...

— מאמעניו! — בעט ער זיך ביי דער באבען — די זאך איז ווי אבגעמאכט, ממש שוין תקיעת-כף גע-געבען, משה'לע פילצענבוים וועט אי"ה זיין אונזער איידעם ביז הונדערט-און-צוואנציג יאהר — דו ברויכסט נאר קיין מורא צו האבען!

— אבער ווען וועסטו חתונה מאכען, אז דו צע-גערסט אזוי מיט די תנאים? — ענפערט די באבע מיט עקשנות — וועסט דאך נישט פארטיג ווערען ביז שבת-נחמו און דערנאך וועסטו האבען א חתונה אים שבת-

בראשית אין די בלאטעס. אזוי ווי איך האב נעהאט מיט עלקעל'ן... ס'חאפט מיך אזש א גרויל. ווען איך דערמאן מיך אין מיין רעמילדינגער פלאנע.

— הכלל. אי"ה בלי־נדר אים ל"ג־בעומר וועלען זיין די תנאים — איז דער טאטע מבטיח — מיר וועלען שוין טראכטען. פארטיג צו ווע־ען ביז שבת־נחמו מיט די הכנות צו דער החונה.

אבער אויך ל"ג בעומר האט מען נישט געשריעבען קיין תנאים. מיין טאטע איז דערוויל געוואר געווארען, אז ער. דער צדיק זאל לעבען, קומט תיכף די ערשטינג וואך נאך שבועות צו אונז אין שטעדטיל אריין אויפ'ן וועג קיין קארלסבאר. וויל דער טאטע און אויך דער מחותן דוקאווארטען, אז דער רבי זאל זיין ביי די תנאים.

די באבע שרייט, קלאגט און בעט — אבער ס'העלפט נישט. ס'טייטש, אזא כבוד. דער רבי בכבודו ובעצמו ביי די תנאים „והוא יאמר לרבק טוב", דאס פאר פאלק וועט דאך זיין געבענשט אויף אייבינ — ניין דער טאטע וועט דאפון נישט אבלאזען. לאז זיין די חתונה ווען ס'וועט זיין, ראש־חודש אלול, שבת־בראשית, שבת־חנוכה, אבער דער רבי מוז זיין ביי די תנאים.

וכך הוה. ס'איז געווען תנאים, הלואי ביי אלע ידען געוואנט, אין ג'ויסען בית־המדרש שבת־צו־נאכטס. א מלוה־מלכה האט מען געמאכט, אז דאס גאנצע שטעדטיל איז די גאנצע נאכט אויף געווען. מען האט די מחותנים און חתן־כלה פשוט אויפגעגעסען פאר קנאה... אזא גליק!

אונצופריערען איז נאר געווען די באבע — ווער ווייסט, ווען די חתונה וועט ארויסקומען. אין שטוב האט מען נאך נישט אנגעהויבען עפים צו טהון, קיין בעטגעוואנד, קיין אויסשטייער, קיין סימן פון א החונה־קליידעל. אוי דא איז קוים 2 חדשים צייט!

אבער כדי די באבע מפיים צו זיין, האבען איהר ביידע מחותנים צוזאמען מיט די מחותנת'טעס געגעבען דאס ווארט, אז די חתונה וועט זיין נישט שפעטער ווי שבת־נחמו...

און גלען האט זיך טאקי תיכף גענומען צו דער ארבייט. וויפיעל נייטארינס עס זענען געווען אין שטעדטיל האט מען איינגעשפאנט, די שניידערס האט מען אנגעזאגט זהיר ווהיר, אז די לעצטע צוויי וואכען פאר שבת־נחמו האבען זיי קיין שום דרינגענדע ארבייט נישט אויפצונעהמען, כדי צו קענען אלע הענד בעשעפטיגען מיט די חתונה־קליידער פון ביידע צדדים. 4 וואכען פאר שבת נחמו זענען די מחותנים מיט די מחותנת'טעס אריינגעפאה־ען קיין לעמבערג, קויפען חתונה־קליידער.

די באבע איז די גאנצע צייט ארומגעגאנגען ווי געדוועט. אנגעשפארט אויף איהר שטעקען פלעגט זי קייבענדיג און הוסענדיג קריעכען פון איין נייטארין צו דער אנדערער, פון איין שניידער צום אנדערן, זיי צו פילעווען, ס'זאל חס־וחלילה נישט זיין קיין פערשפעטונג.

א טאג נאך ראש־חודש טרעפט זיך אבער א סבה, וואס שטעלט די גאנצע ארבייט אין געפאהר. ר' עקיבא דעם שניידער'ס ווייב, אנ'אלטע קראנקע יודענע פערנליסט זיך צו שטארבען. ער בעשעפטיגט נישט קיין פרעמדע געזעלען, נאר זיינע אייגענע דריי זוהן און צוויי מיידלעך, אלע בלייבען זיצען שבעה. ער איז דער הויפטשניידער אין שטעדטיל. ער נייט די חתונה־קליידער פאר דער כלה — און איצט קען ער נישט פערטיג ווערען.

תשעה־באב איז דעמילט געפאלען דאנערסטאג, אם זעלבען טאג וועט ער אויפשטעהן שבעה, תשעה־באב טאר מען אבער נישט נייען, בלייבט איבער פרייטאג, זונטאג, מאנטאג — דיענסטאג זאל זיין די חתונה, וויל מיטוואך איז יריד אין שטעדטיל — מען רעכענט און מען רעכענט אויף די פינגער, ער קען בשום אופן נישט פערטיג ווערען.

וואלט האטשי דער חתן נישט געווען פון דערזעלבער שטאדט, איז נאך א האלבע צרה. איצט אבער מוז שוין די כלה האבען צום אויפרופען עטליכע נייע קליידער און דא איז קיין איינציגעם נישט פארטיג.

די מחותנים מיט די מחותנת'טעס האלטען אב א אסיפה. אפשר וואלט געווען כדאי, אבצולעגען די חתונה מיט א וואך שפעטער. ס'וועט נישט זיין קיין פולע דריי וואכען אין חודש, שאדט דאך נישט.

דערהערט אבער די באבע פון דעם פלאן און מאכט א געוואלט: ווייערער אבלייגען! פטייטש, איהר זעהט דאך אליין, אז ס'איז מעשה שטן! שבת־נחמו איז תמיד שען, א וואך שפעטער קען רעגענען ווי א מבול און מיין גאנצע הראוואניע וועט זיין אומויסט!

וואס'זשע אבער איז צו טהון? אוועקנעהמען ביי עקיבא דעם שניידער די ארבייט קען מען דאך נישט; צום אונגליק וואס ער איז אנ'אלמן געווארען זאל ער נאך פערליערען די ארבייט... ווייטער החונה מאכען אהן חתונה־קליידער וועט דאך זיין א שקאנדאל פאר דער גאנצער וועלט!

געפונט אבער מיין באבע אנ'עצה. אזוי ווי די מייסטע קליידער [illegible] שוין צוגעשניטען, זאל מען בעציעהען עטליכע געזעלען פונ'ם שכנ'דיגען שטעדטיל און זיי זאלען דערווייל נייען. עקיבא דעם שניידער וועט נישט געשעהען קיין עולה. די מעהר־הוצאות וועט דער מחותן בעצאהלען אליין. וואס איז? קאסט די חתונה נאך א פאר רייניש.

געזאגט־געטהון! דער טאטע איז תיכף אריבערגעפאהרען אין אנדערען שטעדטיל און אראבגעברענגט דריי גוטע שניידער־געזעלען, געגעהט האבען זיי ביים טאטען אין שטוב. וויל עקיבא דער שניידער האט דאך קיינעם נישט איבערגעגעבען דעם ווערקשטאט און ביי איהם האט מען נישט געטארט נייען.

צו בעשרייבען דעם יריד, וואס האט זיך ביי אונז געטהון די עטליכע טעג, בין איך נאר נישט אים שטאנד. די באבע האט געהעצט, געטריעבען, געהוישעט און געיאגט יעדען בעזונדער. די שניידעריונגען, די נייטארענס, דעם מאשעליק, די כלי־זמר, די סא־ווערין... סטייש, ס'איז דריי טעג צו דער חתונה — מען וועט נישט פארטיג ווערען.

עקיבא דער שניידער איז דאנערשטאג אויפגעשטאנען שבעה, די שניידערזיונגען האבען זיך איבערגעאנען צו איהם, ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי האבען נישט געמאכט אלעס ווי ס'בעדארף צו זיין. מען וועט מוזען עטליכע קליידער אויפטרענען און איבערנייען, אבער ס'שאדט נישט. ביז דיענסטאג וועט מען שוין פארטיג ווערען.

אייער, היהנער און געגז האט די באבע אנגעקויפט נאך פאר שבת. פיש האט שמעיה דער פישער צוגעזאגט צו ברענגען מאנטאג כאור־הבוקר פונ'ם טייך, און די שאר־ירקות וועט מען אויפקויפען מאנטאג אין די ארומיגע דערפער, וואוהין די באבע וועט מיט דער סארווערין אריספאה־ען.

דאס אויפרופענס איז אבגעלאפען גרויסארטיג. א הערליכער זומער־שבת, א לויטערער רייגער הימעל, דעם חתנ'ס שטריימעל האט געבלישטשעט אין דער זון און די באבע האט נא־ געקוועלען פאר נחת.

נאכמיטאג אבער האט זיך א ביסעל פערחמארעט... אבער ווער קוקט דארויף, ס'איז דאך זומער־לעב; אדרבה, זאל א ביסעל אבגעגענען וועט ווערען א ביסעל קיהלער די לופט. טרייסט זיך די באבע.

געגען אבענד אבער האט זיך א־אבגעלאזט א פשוט'ער מבול... ס'האט געגאסען ווי פון ציבער'ס און באלד איז דאס גאנצע שטעדטיל אזוי פערפלייצט געווארען, אז פשוט „אין יוצא ואין בא". נישט אריין, נישט ארויס!

— עס וועט באלד אויפהערען! — טרייסט זיך די באבע אזא שלאגס־רעגען קען דאך נישט לאנג אנהאלטען.

אבער דער רעגען איז געגאנגען און געגאנגען אהן א שום אויפהער, די גאנצע נאכט, זונטאג דעם גאנצען טאג און די גאנצע נאכט... אלע וואסערן זענען אריבער די ברעגעס. אונזער שטעדטיל איז געווען ווי אבגעשלאסען פון דער גאנצער וועלט.

די באבע, ווייענדיג זיכער או דער רעגען וועט באלד אויפהערען, איז זונטאג צו מיטאג א־יבע־געלאפען צו אונז אין שטוב. אנזאגענדיג זהיר וזהיר, מיר זאלען חלילה נישט פערליערען די האפנונג. אויף דעם וועג א היים איז זי געבליבען שטעקען מיט א פאנטאפעל אין דער בלאטע, האט זיך א ביסעל צוגעקיהלט, איהר אלטער הוסט האט זיך דערמאנט און דער דאקטאר זאגט אז שטרענג, זי זאל זיך נישט וואגען ארויסצוגעהען פון דער שטוב.

שמעיה דער פישער האט קיין פיש נישט געבראכט, די בריקען זענען אבגעריסען און מען קען נישט ארויספאה־ען צום טייך. קיין ירקות און קיין קאמפאט איז נישטא — ארויספאהרען אין דער דערפער קען מען נישט און אריינקומען אין שטעדטיל קומט קיין איינציגע פויערטע אפילו אויף א רפואה...

קוים קוים צוזאמענגעקויפט אין שטעדטיל א ביסעל הריין מיט אוגערקעס, ס'זאל נישט זיין קיין בושה!

דער רעגען האט נישט אויפגעהערט מאנטאג און אויך נישט דיענסטאג, די חופה האט געמוזט זיין אין שטוב, יעדער האט אנגעטראגען בלאטעס קילא־ווייז.

די באבע האט נישט געקענט קומען צו דער חופה. זי איז געלעגען אין בעט און געהוסט — די גאנצע שמחה איז פערשטערט געווארען...

ערשט דעם אנדערען טאג האט זיך א ביסעל אויסגעלייטערט, און ווען מען האט די באבע'ן געפרעגט, ווען ס'איז אם בעסטען חתונה־צו־מאכען, ענטפערט זי מיט הוסט:

— ווען גאט ברוך־הוא בעשטימט!

י. העגעס.

# דער „משוגע'נער"

(סקיצע).

דער הויפט דאקטאר פון משוגעים הויז איז געזעסען ביי זיך אין קאנצליי, וועלכע איז געווען צוזאמען מיט זיין וואהנונג, איבערגעקוקט די מארגען־צייטונגען, אלס א בעדינטער האט איהם געמעלדעט אז א דאמע וויל מיט איהם רעדען.

— לאז זי אריין, האט דער דאקטאר בעפוילען.

[illegible] האט אוועקגערוקט די צייטונגען אן א זייט און איז ענטקעגען געגאנגען דער דאמע.

— זעצט אייך — האט דער דאקטאר זיך צו איהר געווענדעט — מיט וואס קען איך אייך דיענען?

די דאמע האט זיך אניידערגעזעצט. זי האט א פאר מאל א שווערען זיפץ געטהון און מיט א שטילער, פיל מיט טרעהרען אנגעזאפטער שטימע אנגעהויבען צו רעדען:

— עס איז טרויעריג, עס איז שרעקליך, הערר דאקטאר. פאר יעדען איינעם וואס איז געצוואונגען זיך צו אייך צו ווענדען, איך בין אבער נישט מעהר בכח דאס איבערצוטראגען. איך קען מיר שוין מעהר קיין עצה נישט געבען... מיין אונגליקליכער מאן...

זי האט איבערגעהאקט די רייד און האט ארויסגענומען איהר טאשענטיך און זיך אנגעהויבען ווישען די אויגען. דערנאך האט זי ווידער אנגעפאנגען:

— מיין אונגליקליכער מאן ליידעט שוין עטליכע יאהר פון א שרעקליכער, און ווי מיר שיינט אונהיילבארע קראנקהייט. האטש עס איז אויף איהם נאר נישט צו בעמערקען, ער רעדט און פיהרט זיך אויף אזוי גוט ווי מיר אלע, און ווער עס קען איהם נור פון וויטען וועט אויף איהם קיינמאל נישט זאגען, אז דער מענש איז געריהרט פון זינען.

— זאגט מיר, איך בעט אייך, מיט וואס בעשעפטיגט זיך אייער מאן? — האט דער דאקטאר געפרעגט.

— איינענטליך בעשעפטיגט ער זיך איצט מיט גאר נישט. מיר זענען א מאל זעהר רייך געווען, מיר זענען אליין אויס מאסקווע. מיין מאן האט דארט געהאלטען איינעם פון די גרעסטע יובילער געשעפטע, עס איז אבער געקומען די צייט, וואס מיר האבען געמוזט פערלאזען מאסקווע, וויל אין „די טעג פון די גרויסע מאסקווער אונרוהען זענען מיר זעהר צובראכען

נעוואָרען. מיר האבען קוים צוזאמענגעשלאגען עטליכע טויזענד דאָלער און מיר זענען געקומען קיין אמעריקא. אבער דא האבען מיר אויך קיין גליק נישט געפינען, מיין מאן האט דא אנגעפאנגען די זעלבע געשעפטען און האט דאס לעצטע צוגעלייגט. עס איז קיין שום ספק נישט, אז איבער אונזער נויטען אומגליק האט מיין מאן פערלאָרען זיין פערשטאנד. יעצט האט ער זיך איינגערעדט, אז ער איז איינער פון די גרעסטע דימאנטען־סוחרים אויף דער וועלט. וואו ער קריגט ערגעץ א דאלער קויפט ער אויף פון דיעזע סחורה און ער ווערט צום מערסטען טהייל בעשווינדעלט פון פערשידענע פראפעסיאנעלע שווינדלער. ער איז ביי זיך פעסט איבערצייגט, אז די גאנצע וועלט וויל מיט איהם האנדלען און אז ער קען אין איין מינוט בעגליקט ווערען מיט שווערע מיליאנען. ער פרעגט זיך נאך אויף די רייכסטע לייטע און קומט צו זיי און ליינט זיי פאר זיין סחורה וועלכע איז אם מעהרסטען פאלש, ווייל אנדערע האבען איהם פריהער בעשווינדעלט און צוליעב דעם — די דאמע האט ווידער א שווערע זיפץ געטהון — און צוליעב דעם, וואס ער זעהט אויס גאנץ נארמאל קען ער אמאל אין גרעסטען אומגליק אריינפאלען.

זי האט ווידער אנגעהויבען ווישען די טרעהרען פון איהרע אויגען און גענומען ווארטען וואס דער דאקטאר וועט זאגען דערויף.

— איך פערשטעה אייך — האט דער דאקטאר געזאגט — דעם דאזיגען סארט קראנקהייט בעגעגענען מיך צו אפט. ווי איך זעה ארויס פון אייערע רייד, ווילט איהר אז מיר זאלען אייער מאן אריינגעהמען אין אונזער אנשטאלט.

שטיל, מיט א וויינענדיגע שטימע האט די דאמע געענטפערט:

— יא... איך קען מיר קיין אנדערע עצה נישט געבען... אבער הער דאקטאר, איהר זאלט מיר פערזיכערען אז מיין מאן וועט געראטעוועט ווערען...

— אוודאי, פאר וואס נישט...

דער ענטפער האט געקלונגען אפילו נישט אזוי זיכער, פון דעסטוועגען האט זיך די דאמע א ביסעל בערוהיגט.

— איך ווייס אבער נישט ווי אזוי איך זאל מיין מאן אהער ברענגען, ווייל מיט'ן גוטען ווילען וועט ער אין ספיטאל נישט געהן. עס וואלט אפשר געווען א פלאן אז מיר זאלען זיך דוקא בענוצען מיט זיין שגעון. איך פערמאג דאך א קליין ביסעל צירונג, א פאר שנירלעך פערל און אנדערע קלייניגקייטען. איך וועל איהם זאגען, אז איהר ווילט ביי איהם עפעס קויפען און וועל איהם אויף אזא אופן אריינשיקען צו אייך...

— דאס איז א אויסגעצייכענטער געדאנק און אין דער זעלבער צייט קענט איהר אליין אויך זיין דא. איך וועל אייך דערנאך צוריק אבגעבען אייער שמוק און אייער מאן וועלען מיר שוין דא פעסטהאלטען.

די דאמע האט אויס'ן ניי אויסגעבראכען אין א העפטיגען געוויין. זי האט זיך אויפגעהויבען.

— מארגען ארום 5 א זייגער וועט מיין מאן קומען אהער — האט זי געזאגט — אבער איך בעט אייך, הערר דאקטאר זעהט או מען זאל איהם דא האטש גוט בעהאנדלען.

דאס קענט איהר זיין רוהיג.

— מען הערט זיך אזוי פיעל אן וועגען די צרות וואס מען טהוט אן די דאזיגע קראנקע... איך דאנק אייך זעהר, הערר דאקטאר... אלזא, מארגען פינף א זייגער...

— מארגען 5 א זייגער.

* * *

דעם אנדערען טאג, ארום 5 א זייגער איז געקומען די אומגליקליכע פרוי און דער דאקטאר האט זי אריינגעפיהרט אין א ווייטען צימער און איהר אנגעזאגט אז זי זאל דארט זיצען און למען השם זיך נישט ארויסווייזען פאר איהר מאן. ער אליין דער דאקטאר, וועט איהר צוריק אריינברענגען דאס שמוק וואס איהר מאן וועט אהער ברענגען. דערנאך קען זי זיך פון דאנען אומבעמערקט אוועקנעהן.

איינינע מינוטען שפעטער איז אויך דער קראנקער אריינגעקומען צום דאקטאר.

— איך בין אהער געשיקט געווארען פון דער פירמע פרידמאן עט קאמפ. האט דער קראנקער אנגעהויבען, איך זאל אייך ציינען איינינע סארטען פערעל און דימאנטען, וועלכע איהר האט היינט ביי אונז בעשטעלט.

דער דאקטאר האט אנגעקוקט דעם קראנקען. ער האט ווירקליך געמאכט א נארמאלען און געזונטען איינדרוק.

— איך דאנק אייך און אייער פירמע זעהר שטארק — האט ער איהם זעהר ליעבליך געענטפערט, — איהר מוזט אבער ענטשולדיגען מיין פרוי, ווייל זי טהוט זיך יעצט אן ביי זיך אין צימער און קען אליין מיט אייך נישט רעדען. איהר וועט אפשר ערלויבען, איך זאל דאס שאכטעלע מיט'ן שמוק אריינטראגען צו איהר זי זאל זי בעטראכטען.

דערביי האט ער שארף אריינגעקוקט דעם קראנקען אין די אויגען.

— פאר וואס נישט, — האט דער קראנקער געענטפערט, — אבער איידער איך גיב זיי אייך איבער מוזט איהר מיר אונטערשרייבען דאס דאזיגע צעטעלע, אויף וועלכען עס איז אויסגערעכענט די אלע זאכען, וואס ליעגט אין שאכטעל, ווייל פערשטעהט איהר מיך, ביי אונז איז שוין אזוי איינגעפיהרט.

— פאר וואס זאל איך דאס נישט אונטערשרייבען, האט דער דאקטאר געענטפערט. ער האט איבערגעקוקט אלע זאכען און אונטערגעשריעבען דאס צעטעלע. דערנאך האט ער דאס שאכטעל אוועקגעטראגען צו דעם קראנקענס פרוי און איז באלד צוריק ארויסגעקומען צום קראנקען.

יעצט האט ער מיט דעם קראנקען אנגעפאנגען א גאנץ אנדער געשפרעך:

— זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי לאנג איז עס שוין אז איהר זענט געקומען אהער פון מאסקווע?

דער קראנקער איז געבליעבען שטעהן און אנגעקוקט דעם דאקטאר מיט צוויי אויסגעשטארשטע אויגען.

— איך בין אויף מיין לעבען נישט געווען אין מאסקווע—האט ער געענטפערט.

— אזוי? אבער איהר האט דארט געהאלטען א יובילער־געשעפט.

דער קראנקער האט זיך אומרוהיג אנגעהויבען ארומצוקוקען.

— אויך דאס נישט... איהר מוזט דא האבען עפעס א טעות, הערר דאקטאר... איך הייס לעאן שטערן און...

— אייער פרוי האט אבער אנדערש געזאגט.

— מיין פרוי? איך האב אויף מיין לעבען קיין פרוי נישט געהאט.

— יעצט זעה איך, עס שטימט כמעט אלעס, ווי אייער פרוי האט מיר געסטערען דערצעהלט וועגען אייך...

— הערר דאקטאר, דא מוז זיין אדער א טעות, אדער... אדער מיר זענען דא די אפפער פון עפעס א גרויסען און נידערטרעכטיגען שווינדעל... האט איהר דאס שמוק אויף אן אמת אריינגעטראגען צו אייער פרוי?

דעם דאקטאר איז מיט איינמאל ווי קאלעמוטנע געווארען אויפ'ן הארצען. ער האט זיך איבערצייגט, אז אזוי רעדט נישט קיין משוגענער.

—ניין — האט ער געענטפערט.—איך האב דאס שמוק אבגעגעבען צו אייער פרוי...

— מיר זענען בעשווינדעלט... בעשווינדעלט... האט דער מאן א קריך געטהון, ווי נישט מיט זיין קול און איז געווארען בלייך ווי א שטיק קאלך.

דער דאקטאר האט זיך געווארפען צום טעלעפאן און אנגעפרעגט ביי דער פירמע פרידמאן עט קאמפ. אויב אימעצער האט אויף זיין נאמען בעשטעלט שמוק און ווי עס הייסט דער מאן, וואס האט געבראכט דאס שמוק צו איהם. פון דארט האט מען איהם געענטפערט אז היינט איז געווען ביי זיי דעם דאקטאר'ס פרוי און בעשטעלט איינינע זעהר טהייערע ארטיקלען אויף דער סומע פון פינף טויזענד דאלער. און דער מאן וואס האט אוועקגעפיהרט די דאזיגע ארטיקלען הייסט לעאן שטערן.

דער דאקטאר איז א רגע געבליעבען שטעהן ווי פערשטיינערט, און בלאס ווי דער טויט איז ער געפאלען אויף א שטוהל.

— — — — — — — — — —

אין דער זעלבער צייט איז מיט'ן אייזענבאהן אבגעפאהרען א טייער פערשלייערטע דאמע וועלכע האט מיט גרויס ליעבשאפט און צערטליכקייט צוגעדריקט צו זיך א נישט גרויס פעקעל אין וועלכען עס איז געלעגען א קליין ברוין שאכטעל מיט שמוק וואס האט בעטראפען פינף טויזענד דאלער.

ש. אדלער.

# די יודישע וועלט.

— אין לאנדאן האט זיך אם 16 יולי אנגעהויבען די טעריטאריאליסטישע קאנפערענץ. די ערשטע זיצונג האט זיך געעפענט 10 א זייגער אין דער פריה אין געגענווארט פון אלע דעלעגאטען, מיט א בעגריסונגסרעדע פון פרעזידענט פון דער טעריטאריאליסטישער ארגאניזאציע ישראל זאנגוויל. דעלעגאטען זענען געקומען פון רוסלאנד, דייטשלאנד, עסטרייך, שווייץ, פראנקרייך, האלאנד און בעלגיען. אין זיין ערעפנונגס־רעדע האט זאנגוויל בעהאנדעלט די לאגע פון טעריטאריאליזם אין אלגעמיין און האט זיך הויפטזעכליך אבגעשטעלט אויף דער פראגע וועגען מעסאפאטאמיע. זאנגוויל האט פארגעשטעלט זעהר וויכטיגע דאקומענטען וועגען דער רעאליזירונג (פראקטישע דורכפיהרונג) פון דעם מעסאפאטאמיע־פלאן און וועגען ארבייטען צוזאמען מיט אנדערע יודישע ארגאניזאציעס. די קאנפערענץ האט איינשטימיג אויסגעדריקט איהר דאנק און פערטרויאונג צום לאנדאנער צענטראל־קאמיטעט און זיין פרעזידענט זאנגוויל. נאכדעם האט פראפעסאר שלאושץ פון פאריז געלייענט זיין רעפעראט וועגען קירינאיקע־פראיעקט. אויסהערענדיג שלאושץ'ס רעפעראט, האט די קאנפערענץ אנגענומען, נאך נישט אויסצושליסען קירינאיקע פון טעריטאריאליסטישען פראגראם. ווייטער איז בעהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען גאלוועסטאן און אלגעמיינער עמיגראציע. ס'איז בעשלאסען געווארען צו פערברייטערען די עמיגראציאנס־ארבייט. די קאנפערענץ איז געשלאסען געווארען ביי זעהר א געהויבענער שטימונג. אין אווענד זענען אלע דעלעגאטען איינגעלאדען געווארען פון זאנגוויל'ן אויף א מיטאג.

די בעראטונגען פון דער קאנפערענץ זענען געווען געהיים.

# פון נאהענט און ווייט.

— ביי דעם שרעקליכען געוויטער, וואס איז ערשט פארגעקומען אין שטאאט מיסורי אין אמעריקא, האט זיך אויסגעצייכענט א אונבעקאנטער מענש, וועלכער האט געראטעוועט דאס לעבען פון 1200 מענשען פון דעם שטעדטעל פאטאנסבורג. דאס שטעדטיל ליעגט ביים טייך קליין־ריווער, וועלכער פאלט אריין צוויי מייל ווייטער אין גרויס־ריווער. א אונבעקאנטער רייטער, וואס האט זיך גראדע געפונען ביים ברעג, האט דערזעהען, ווי דאס וואסער פון גרויס־ריווער האט איבערגעריסען די שלוזע און זיך אריינגעשפארט אין קליין־ריווער און שטורעמט מיט א שרעקליכען קראפט אויפ'ן שטעדטיל פאטאנסבורג. מיט די לעצטע קרעפטען איז דער רייטער געריטען גאלאפ, איבערגעיאגט דאס וואסער ביז ער איז אריין אין שטעדטיל, וואו ער איז ארומגעריטען אין אלע גאסען און אויסגעשריען: „די שלוזע איז איבערגעריסען, ראטעוועט זיך!“ דערנאך האט ער זיך געווענדעט צו די ארבייטער, וואס האבען געארבייט ביים ברעג פון קליין־ריווער און האט זיי אנגעזאגט פון סכנה. 5 מינוט שפע־

מער איז אריין דאס וואסער מיט א גרויסען רעש אין שטעדטיל און אין א פערטעל שעה האט עס פערנאסען אלע גאסען אויף 7 מעטער טיעף. א דאנק דעם רייטער האבען זיך אלע איינוואוהנער נערעטעט, אויסער א אלטע פרוי וואס איז דערטרונקען געווארען.

— אין באסטאן האט זיך פערסמ'ט א 18 יעהריגע טאכטער פון דעם מיליאנער רעקעל. ווייל דער פאטער האט איהר נעשטערט חתונה צו האבען מיט א יונגען מאן, אין וועלכען זי האט זיך פערליעבט. אין א בריעף וואס זי האט איבערגעלאזען אויפ'ן טיש פון איהר קאבינעט, האט זי אויסגעדריקט איהר קללה צו דעם פאטערס רייכטהום, און זאגט, או דאס גרעסטע אונגליק פאר'ן מענשען אויף דער וועלט איז דאס געלד.

— דער הישפאנישער קעניג אלפאנס, וועלכער איז בעוואוסט אלס גרויסער קאצען־ליעבהאבער, האט איצט בעצאהלט 10 טויזענד פראנק פאר א קעצעלע פון א געוויסען מין, וועלכען מען בעקומט נאנ'ץ זעלטען נאר אין צפון־אפריקא. דער ראזינער קעניג האט שוין ביז 150 פערשיעדענע קעץ.

— די לופט־באלאן ענטוויקלונג נעהט פאררועט'ס. דעם פאריגען דיענסטאג האט דער פראנצויזישער טעכניקער בלעריא געמאכט א פראבע, וועלכע האט זיך זעהר גוט איינגעגעבען מיט א נייעם מין לופט־באלאן. די פראבע איז געמאכט געווארען לויט א קונקורס פון לופט־באלאנען־קלוב. און דער ערפינדער האט געוואונען די גרעסטע פרעמיע פון 40 טויזענד פראנק. בלעריא איז אבגעפלויגען מיט זיין נייעם מין לופט־באלאן א שטרעקע פון 40 קילאמעטער אין 43 מינוט אויף א הויך פון 25 ביז 40 מעטער. אלע צייטונגען ריהמען שטארק בלעריא'ס פראבע און זעהען איהר פאר א גרויסע צוקונפט. די קינפטינע וואך וועט דער ערפינדער מאכען א צווייטע פראבע אין פאריז פאר די אויגען פון פרעזידענט פאליער און אלע מיטגליעדער פון פאריזער לופט־באלאנען־קלוב.

---

# סאלידער יונגער מאנן

20 יאהר'ע אלט, האט דיא בוכהאלטעריע אבסאלוויערט קאן גוט העברעאיש אונד יודיש שרייבען אונד איס שפעצעריא בראנזשע שאן 5 יאהרע בעשעפטינט וואר, ווכט אנשטעלונג אין א נעם זאלכען געשעפטע אלס

**רייזענדער** עווענט, **קאמים** פיר פראמפט.

אנפראגען זינד צו ריכטען אן דיא אדמיניסטראציאן דיעזעס בלאטטעס אונטער שיפרע M. G. D.

---

**ביי'ם איינקויפען פון די דא אינסערירטע זאכען, בעטען מיר זיך צו פערופען אויף די**

**יודישע אילוסטרירטע צייטונג**

Leitung der jud. Pr.-Gymnasiallehranstalt

## גימנזיום עברי

in Storozynetz (Bukowina).

דאס היעזיגע יוד. פריוואטגימנאזיום, וועלכעס היי־יאהר שוין פאם העררן ק. ק. לאנדעסשולאינספעקטאר דר. אלפרעד פאוולישעק אינשפיציערט ווארדען, ערפייטע זיך אם 27 יוני א. צ. איינעם העכסטעהרענדען, בעדייטונגספאללען בעזוכעס. קיין געריגגערער, אלס דער בעקאנטע העדר אוניווערזיטעטס־פראפעסאר דר. לעאן קעללנער וואר עס, דער דיא אנשטאלט בעזוכטע. מאן האט שוין בעווייזע נענוג פיר דעם ה. אוניווערזיטעטספראפעסאר'ס גראסעס יורישעס הערץ, אבער דיעס עהרט איהן נאך פיעלמעהר. אין זיינער בעגלייטונג בעפינד זיך דער העדר ק. ק. קאממערציענראט מאקס אנהויך אוים טשערנאוויט'ץ, דער איין לעבהאפטעס אינטערעססע פיר דיא אנשטאלט בעקונדעט.

העדר אוניווערזיטעטספראפעסאר קעללנער אונטערצאג דיא שילער איינער גרינדליכען פריפונג אין אללען פראפאנען אונד העברעאישען פעכערן אונד שפראך זיך איבער דאס געהערטע לאבענד אוים. בײדע העררען פערזיכערטען דיא לייטונג איהרער ווארמסטען סימפאטהיע פיר דיא אנשטאלט אונד פערשפראכען איהר אינטערעססע ביי יעדער געלעגענהייט פערדערן צו וואלען. — דיא היייטינען פריפונגס־עוולטאטע אין סטאראוינעטץ זינד דיא דענקבארנסטינען, פאן זעממטליכען שילערן דיא צור פריפונג נינגען, האבען בלאס דרייא דען נעצעליכען אנפאדערונגען ניכט ענטשפראכען.



# א פרעמיע פאר אונזערע אבאנענטען!

## א רייזע קיין ארץ־ישראל

די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג“, וועלכע האט אין דער קורצען צייט פון איהר בעשטעהען געוואונען אזוי פיעל פריינד און אנהענגער צווישען יודישען לעזע־פובליקום, וויל אויסדריקען איהר דאנקבארקייט פאר דיעזע אנהענגליכקייט, שרייבט זי אוים אלס א בעזונדערע פרעמיע פאר איהרע יעהרליכע אבאנענטען

## א בחנמ'דיגע רייזע קיין ארץ ישראל און צוריק.

דאס רעכט אויף דיעזער פרעמיע האבען אבאנענטען, וואס אבאניערען דאס בלאט דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע אויף א גאנץ יאהר און צאהלען איין דעם פולען אבאנעמענטס־פרייז.

יעדער פון דיעזע אבאנענטען בעקומט א לאז מיט א נומער. אין א בעשטימטען דאטום, וועלכעס וועט שפעטער בעקאנטגעגעבען ווערען, וועט שטאטפינדען א ציהונג, און וועמעס לאז ס'וועט געווינען, דער וועט בעקומען בחנם א

**רייזע־קארטע קיין ארץ־ישראל און צוריק פון זיין וואהנארט אוים.**

די פערלאזונג וועט געשעהען עפענטליך, אונטער טהיילנאהמע פון בעקאנטע יודישע פערזענליכקייטען. יעדער אבאנענט וועט אויך האבען דאס רעכט, צו זיין אנוועזענד ביי דער ציעהונג, וואס איהר צייט וועט רעכטצייט בעקאנט געגעבען ווערען אין אונזער צייטונג.

דאס רעכט אויף די לאזע האבען אויך די ביזהעריגע יעהרליכע אבאנענטען. דיעיעניגע, וואס האבען דאס בלאט אבאניערט בלויז אויף א פיערטעל אדער א האלב יאהר, קענען איצט צוצאהלען דעם רעשט און זיי וועלען עבענפאלס בעקומען דאס רעכט אויף טהיילנאהמע אין דער פערלאזונג.

די רעדאקציע.

Pierwszy krajowy, hurtowny i częściowy

## Skład Gramofonów
## Józefa Wekslera

| we Lwowie | w Krakowie |
|---|---|
| Sykstuska 2 | Grodzka 71 |
| Telefon 2036/II | obok Wawelu |

poleca swoje stanowczo **bez szmeru najlepiej grające Gramofony**, oraz płyty z marką »Piszący Aniołek«, uznane przez pierwszorzędnych znawców za **najlepsze i najtrwalsze**



Odznaczona na Wystawie Jubileuszowej we Lwowie w październiku 1908. najwyższem odznaczeniem **Grand Prix**

**Cenniki darmo i opłatnie.**

**20.000** płyt polskich, ruskich i żydowskich zawsze na składzie. **20.000**

**KORZYSTNA WYMIANA PŁYT**

**Części składowe i warsztaty reparacyjne na miejscu**

**Gramofon koncertowy z 10 płytami 60 K.**

Przeróbka lub zamiana Pathéfonów na gramofony, oraz wielki wybór Pathéfonów i płyt.

**Jeneralne zastępstwo**
Towarzystwa Ack. Gramofonów
z marką »PISZĄCY ANIOŁEK«

---

## Bandaże rupturowe

**Specyalny bandażysta, fachowiec od 25 lat**
**Ant. M. Mirkiewicz w Krakowie, Mostowa l 4**

poleca osobom cierpiącem na przepukliny pachwinowe paski różne własnego wyrobu oraz pasy brzuszne dobrej konstrukcyi jako znakomitość i nowość, — paski bez sprężyn swoich ulepszeń i wynalazków, mając tą dobroć w noszeniu że niesprawiają żadnych dolegliwości jak sprężynowo. Dla osób przy cięższych zajęciach p a s k e o c h r o n n e.

Udziela bardzo ważnych objaśnleń w zastosowaniu noszeniu co dla początkujących staje się uleczalnem pod gwarancya.

(Objaśnienie także listownie).

---

סענזאציאנעללע נייהייט!

בערייטס איבער די גאנצע וועלט פערבייטעט!

ענארם בילליג!

**מאנדליכט** איין וואונדער דער העמיע אין יעדעם הויזע

זיננרייך קאנסטרואירטער אפפאראט. לייכט אונבעדינגט זעלבשטענדיג. קיין ברענשטאף נעטיג, קיינע װארטונג, דאהער גאראנטירט קאסטענלאז אונד דויערנד אים געברויך. פאלשטענדיג גערוכלאז אונד אונגעפעהרליך. צאהלרייכע אנערקעננונגסשרייבען

„מאנדליכט" מאָדעלל M. I. II. III.

פרייזע : קראָנען: 3·60, 4·80, 7·— 11·—

פראנקאָ אונד אינקלוזיווע פערפאקונג געגען פאָראיינזענדונג אָדער נאכנאהמע דעם בעטראגעס.

**Mondlichtwerk A. Seib jun. Warnsdorf 53/337 Böhmen.**



MODELL II.

Sensationelle Neuheit!

Bereits über die Ganze Welt verbreitet!

Enorm billig!

**MONDLICHT** ein Wunder der Chemie in jedem Hause!

Sinnreich konstruirter Apparat. Leucht unbedingt selbständig. Kein Brennstoff nötig, keine Wartung, daher garantir kostenlos und daurend im Gebrauch. Vollständig geruchlos und ungefährlich. Zahlreiche Anerkennungsschreiben.

**Mondlicht** Modell M. I. II. III.
Preise: Kronen 3.60, 4.80, 7.—, 11.—

Franko und inklusive Verpakung gegen Voreinsendung oder Nachnahme des Betrages.



Modell M

**Mondlichtwerk A. Seib jun**
**Warnsdorf 53/337 Bohmen.**

---

**Zjedn. austr. akc. towarzystwo żeglugi parowej**

## „AUSTRO-AMERICANA"

**Regularny**  **i bezpośredni**

**ruch z Austryi do Ameryki, Kanady i t. d.**

| Rozkład jazdy: a) z Tryestu do Nowego Yorku | | Ceny jazdy z Krakowa: I. klasy | II. klasy | III. klasy |
|---|---|---|---|---|
| Martha Washington | 17 lipca | K. 431·40 | K. 355·10 | K. 208·80 |
| Argentina | 7 sierpnia | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Laura | 21 » | » 431·40 | » 330 10 | » 208·80 |
| Martha Washington | 2 września | » 431·40 | » 355·10 | » 208·80 |
| Alice | 11 » | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Oceania | 18 » | » 431 40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Argentina | 25 » | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Laura | 9 październ. | » 431·40 | » 330·10 | » 208·70 |

**Ceny zawierają już amerykański podatek (pogłówne)**

Dla pasażerów jadących przez Nowy-Jork do Kanady **obniżają** się powyższe ceny o **K. 20.**

**b) z Tryestu do Argentyny przez Rio de Janeiro**

| | | I. klasy | II. klasy | III. klasy |
|---|---|---|---|---|
| Sofia Hohenberg | 4 sierpnia | K. 731·40 | K. 555·50 | K. 118·80 |
| Francesca | 15 września | » 731·40 | » 555·50 | » 118·80 |

Cena jazdy międzypokładowa Kraków — Rio de Janeiro . . . . » 158·80

**Zmiany zastrzega się**

Jeneralna Ajencja dla Galicji i Bukowiny i sprzedaż kart okrętowych

**GOLDLUST i SKA.**

Kraków, ul. Lubicz 7. (naprzeciw dworca kolej,) — Lwów, ul. Na Błonie l. 2. jakoteż wszystkie prowincjonalne ajencje.

---

די׳א גענעראַל־אַגענטור

דער ענגלישען לעבענספערזיכערונגס־געזעללשאַפט

„גרעשהאם"

ערריכטעט בעצירקס־אַגענטורען אין אַלען גרעסערען ארטשאפטען וועסטגאלי־ציענס. אונטער גינסטיגען בעדינגונגען. אפפערטען זינד צו ריכטען אן אדרעסע:

Generalagentur des „Gresham" in Krakau, Grodgasse 29.

---

# Wiedeński Bank Związkowy

## FILIA W KRAKOWIE — Rynek Główny, Linia A-B 44.

Kapitał acyjny 130 milionów Koron. Fundusze rezerwowe 39 milionów koron.

Przymuje **wkładki** w rachunku bieżącym i na **książeczki wkładkowe**. — Podatek rentowy opłaca bank z własnych funduszów. Kupno i sprzedaż papierów wartościowych, walut i dewiz. Udziela pożyczek wekslowych i na zastaw papierów. Przyjmuje walory w przechowanie. Wypłaca kupony i wylosowane efekta. Przyjmuje wszelkie zlecenia giełdowe. Udziela ustnych i pisemnych wskazówek w tym kierunku.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie